לעאָן קאָברין

# עראינערונגען פון א אידישען דראמאטורג

א פערטעל יאָהרהונדערט
אידיש טעאטער אין אמעריקא

## צווייטער באַנד

אַרויסגעגעבען פונ'ם
קאָמיטעט פאַר
קאָברין'ס שריפטען

# אינהאלטס פארצייכנים.



## בערטא קאליש.



## יעקב פ. אדלער.

# זיגמונד מאָגולעסקאָ.

### ווי איך האָב זיך געטראָפען מיט איהם צום ערשטען מאָל.

דאָס איז געוועזן אין יענער צייט, ווען איך האָב אונטער־האַנדעלט מיט טהאַליאַ טעאַטער וועגען מיין „איסט סייד גהעטאָ״.

מאָגולעסקאָ'ן האָב איך נאָך ניט געקאָנט, הגם זיין נאָמען איז מיר אָפט אויסגעקומען צו הערען.

קום איך אַמאָל אריין אין טהאַליאַ טעאַטער אַ שבת בייטאָג. מען שפּילט דאָרט הורוויץ'עס אַ פּיעסע: „מאָשקאָ און מישקאָ״, דאַכט זיך.

אויף דער ביהנע שפּילען אַקטיאָרען, מאַכען זיך משוגע.

אַז דאָס זיינען אַקטיאָרען, זעה איך פון יעדער באַוועגונג זייערער, פון זייער גרים און אַרט רעדען.

און צווישען זיי דרעהט זיך אַרום עפּעס אַ אידענע מיט אַ פּאַטשיילע איבער די אַקסלען, אַן אויסגעדאַרטע, אויסגעמוטשעטע אידענע, מיט אַ לאַנגען, צוקנייטשטען און שפּיציגען פּנים, און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז די דאָזיגע אידענע האָט על פּי טעות פאַרבלאָנדזשעט פון דער גאַס אויף דער ביהנע און די אַקטיאָרען דאָרט טרייבען שפּאַס פון איהר.

איך הער זיך צו. (דאָס קומט פאָר אויף אַן עמיגראַנטען־שיף, וואָס געהט נאָך אַמעריקאַ). די אידענע רעדט, און איהר קול דריקט אויס שרעק, מורא, צוטומעלטקייט.

מען וויל איהר דאָרט שטעלען פּאָקען, איידער מען לאָזט זי אַרונטער פון דעם שיף. ציטערט איהר אויסגעדאַרטער, נאַקעטער אָרעם אונטער דעם פאַרקאַטשעטען אַרבעל, טרייסעלט זיך ביי

איהר יעדער אבר, צוקט און פּלאַטערט יעדער קנייטש אויף איהר אויסגעמוטשעטען און צוטומעלטען פּנים, ווי די רחמנות'דיגע, בעטענדיגע טענער פון איהר קול...

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך ארונטער. דער עולם אפּלאָדירט, שרייט:

— מאָגולעסקאָ! מאָגולעסקאָ!

די אידענע ערשיינט פאר דעם פאָרהאַנג מיט אזא הארציגען און חנ'עוודיגען שמייכעל און נויגט זיך.

דאָס טעאטער הילכט:

— בראַוואָ, מאָגולעסקאָ! בראַוואָ!

איך האָב מיינע אויגען ניט געגלויבט. עס איז שווער געווען צו גלויבען, אז די דאָזיגע אידענע זאָל זיין אַן אַקטריסע, בפרט נאָך אַן אַקטיאָר!...

שפּעטער, נאָך דער פאָרשטעלונג, קום איך ארויף אויף דער ביהנע, וואו איך טרעף מאָשקאָוויטש'ן.

איך גיב איהם איבער דעם איינדרוק, וואָס מאָגולעסקאָ האָט אויף מיר געמאַכט, זאָגט ער צו מיר:

— קומט איהם זעהן מאָרגען מאַטינע. ער שפּילט ווידער, און איהר וועט איהם נאָך מעהר באַוואונדערען. ער איז אונזער קאַקליען...

און ווי מיר רעדען אזוי, קומט ארויס פון איינעם פון די גאַרדעראָב־צימערן אַ מאַן פון מיטעלען וואוקס, אָנגעטאָן עלע־גאַנט. מאָשקאָוויטש שטעלט איהם אָפּ:

— מאָגולעסקאָ, איך וויל אייך באַקאָנען...

און שטעלט מיך פאָר פאר איהם.

שטעה איך דאַן פאר מאָגולעסקאָ'ן און קאָן פון איהם די אויגען ניט אָפּרייסען. זיין גאַנצע געשטאַלט איז ווי פון אַ מייסטערהאַנט אויסגעשניצט — שלאַנק און בויגיג און פול מיט באוועגונג. באזונדערס רייצענד איז דער גראַציעזער אויסבויג פון זיין האַלז, בעת ער שטעהט אזוי מיט די ברייטע, פעסטע

אקסלען א ביסעל אפגעווארפען צוריק. הייגט זיין פנים — צארטער, לעבעדיגער מארמאר, געקנאטען אין זון־שטראהלען...

איך זוך אויף איהם כאטש א שפור פון יענער פאר׳צרה׳טער, אויסגעמוטשעטער אידענע, וואס איך האב ניט לאנג געזעהן אויף דער ביהנע — ניטא!...

רוף איך זיך אן:

— ווי קאן אזא שעהנער מאן זיך פארוואנדלען אין אזא מיאוס׳ער אידענע?

צולאכט ער זיך מיט אזא קינדערשען געלעכטער, אזוי פריי און הארציג, אט טאקע נאר ווי א קינד, וואס מען וואלט עס דערפרעהט מיט עפעס א שפיל־צייג...

צו יענער צייט איז אויף קאנעל סטריט געווען א קאפע־הויז, וואוהין די אידישע אקטיארען און די אידישע אינטעליגענץ זיינען אריינגעקומען.

געהען מיר אוועק אהין — מאשקאוויטש אויך מיט אונז.

דארט ביי א גלעזעל טיי צורעדט זיך מאגולעסקא און צו־שמייכעלט זיך מיט זיין שמייכעל.

וואס פאר א שמייכעל איז דאס געווען, וואס האט באשיינט זיין גאנצען פנים! ווי א רעגענבויגען פול מיט פארבען, מיט די שעהנסטע און די חנ׳עוודיגסטע! אזוי ווי די געטין פון דער קאמעדיע אליין וואלט איהם איהר שעהנסטען און כשופ׳דיגסטען שמייכעל אוועקגעשענקט, כדי ער, איהר געליבט קינד, זאל מעהר ארויסשיינען צווישען אנדערע...

איך דערמאן זיך: גערעדט האט ער דוקא ניט וועגען זיין שפילען און ניט וועגען זיינע ראלען, וואס ער האט געשאפען, נאר וועגען די לידלאך, וואס ער האט פארפאסט. און מיט אזא קינדערשער התפעלות האט ער וועגען דעם גערעדט.

עטליכע פון זיי האט ער פאר מיר שטילערהייט פארגעלעזען און פארגעזונגען מיט זוניגער פרייד אין די אויגען. די מוזיק פון די לידער — זיין מוזיק — איז געווען מעלאדיש, הארציג און אידיש, אבער די ווערטער פון די לידער... גאט מיינער, ווען

ער, מיט דעם דאָזיגען שמייכעל, האָט זיי פאַרגעזונגען, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַזוי ווי אַ פאַנטאַן פון זון־שטראַהלען וואָלט מיט אַמאָל געטומען שפּריצען מיט קויט און בלאָטע...

איך פרעג איהם דעמאָלט, ווי אַזוי זינגט ער אַזעלכע לידער, קוקט ער מיך אָן נאַאיוו פאַרוואונדערט און מאַכט:

— וואָס הייסט, ווי אַזוי? קומט אַמאָל, וועט איהר הערען.

ערקלער איך איהם, וואָס איך מיין. דאָס הייסט, אַז פאַר אַזאַ טאַלאַנט ווי ער פּאַסט ניט צו זינגען אַזעלכע לידער.

קוקט ער מיך אָן נאָך מעהר פאַרוואונדערט און צולאַכט זיך:

— גאָט איז מיט אייך. איהר האָט געדאַרפט הערען, ווי איך זינג זיי. דער עולם ברעכט איין דעם טעאַטער. מיינס אַ לידעל מוז איך איבערזינגען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל.

און בשעת מעשה האָט ער זיכער וועגען מיר ביי זיך אינ'ם הארצען געטראַכט:

„אַ יאָלד!...“

איך געדענק, ווען איך בלייב שפּעטער אַליין מיט מאַשקאָוויטש'ן, רופט ער זיך אָן צו מיר:

— נו, ווער קאָן ערקלערען אַזאַ פּסיכאָלאָגישע רעטעניש? אַן אַרטיסט, אַן אמת'ער זשעני, וועלכער האָט געדאַרפט זיין שטאָלץ אויף דעם, וואָס מאַכט איהם אמת גרויס, איז גאַר שטאָלץ אויף דעם, וואָס מאַכט איהם קליין און נאַריש...

אויף מאָרגען, זונטאָג בייטאָג, זעה איך מאָגולעסקאָ'ן אין אַן אַנדער פּיעסע. (דעם נאָמען פון איהר געדענק איך ניט).

אויף דער ביהנע דרעהען זיך ארום חסידים, אין לאַנגע, אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, אין ווייסע זאָקען, מיט שטריימלאַך אויף די קעפּ.

איך זוך צווישען זיי מאָגולעסקאָ'ן און געפין איהם ניט. אין זיי אַלעמען, וואָס זיינען אויף דער ביהנע, דערקאָן איך גלייך אַקטיאָרען, ציי גאָר כאָריסטען, וואָס שטעלען פאָר חסידים — אָן די אומגעלומפּערטע צוגעקלעפּטע בערד אויף זייערע פּנים'ער און אָן דעם מאַשינאָווען אופן, ווי זיי דבוקה'ן זיך און שאָקלען זיך

און גלאָצען מיט די אויגען, און ווי זיי ציהען זייערע ציגענע בערדלאַך מיט די פינגער.

און רעדען זיי דאָרט, דערקאָן איך נאָך מעהר, אז אקטיאָרען רעדען דאָס פון זייערע ראָלען מיט א כונה, צו מאכען לאכען דעם עולם אינ'ם טעאטער.

זיי אַרבייטען אויף אלע כלים, כדי ארויסצורופען א געלעכטער. קראַצען זיך די פּאות, שלאָגען זיך אָן מיט די הינטענס, מחילה, איינער אָן דעם אַנדערען. קורץ, זיי „שפּילען קאָמעדיע".

מיט אמאָל קומט ארויף אויף דער ביהנע א נייער חסיד'ל, טאַקע ווי ערשט פון אָן אמת'ן חסידים־שטיבעל ארויס אין א יום־טוב.

דער עולם נעמט איהם אויף מיט אפּלאָדיסמענטען.

נאָר אָן זיין שמייכעל דערקאָן איך אין איהם דעם נעכטיגען מאָגולעסקאָ.

ווייטער איז ער גאָר א נייער פּאַרשוין.

א יונג בערדעלע שפּראָצט ארויס אויף זיין בלייכען און דורכזיכטיגען פּנים, א שוואַרץ און א צאַרט בערד'עלע, און א מין נאַאיווע התלהבות ברענט אין זיינע אויגען אונטער'ן שטריימעל, אזוי ווי ער וואָלט ערשט געקומען פון דעם רבינ'ס טיש, פול מיט באַגייסטערונג.

ער טראָגט זיך איבער דער ביהנע אין זיין אַטלעסענער זשופּיצע, מיט די פינגער פאַררוקט הינטער'ן שוואַרצען גאַרטעל, און, ווי קוועקזילבער, באַוועגען זיך זיינע פיס אין די שיך מיט די ווייסע זאָקען.

ער רעדט... גאָר אַן אַנדער קול ווי נעכטען. גאָר אַנדערע העוויות. א פּוילישער חסיד איז, ווי דורך דעם רבינ'ס א נס, ארויף אויף דער ביהנע און טענה'ט דאָרט עפּעס מיט אקטיאָרען...

און מיט אמאָל — דער חסיד האָט זיך אַוועקגעלאָזט טאַנצען.

און דער חסיד האָט געטאַנצט און ניט קיין אַנדערער. די נשמה פון דעם חסיד האָט זיך צופלאַקערט און צוהוליעט.

אויך די אַנדערע האָבען מיט איהם געטאַנצט, געהויבען די פּאָלעס און געשפּרונגען. האָבען געטאַנצט אפשר ניט שלעכט, אָבער זייער טאַנצען האָט זיך אָפּגעשלאָגען אָן די ברעטער און זיינער — אָן די הערצער...

דער עולם האָט נאָר איהם געזעהן, מאָגולעסקאָ'ן. דורכאויס פייערדיגער און התלהבות'דיגער טאַנץ איז ער געווען. געטאַנצט האָט אין איהם יעדער אבר, יעדע האַואַיע, יעדער בליק און זיין כשוף־שמייכעל. געטאַנצט האָט אויף איהם די שטריימעל, די אַטלאַסענע קאַפּאָטע, יעדער קנייטש, האָט זיך געדראַכט, אויף איהם. די פינגער הינטער דעם שוואַרצען גאַרטעל האָבען פייער געשפּריצט, האָט זיך מיר אויסגעוויזען.

דער עולם אַליין אינ'ם טעאַטער האָט זיך אָנגעצונדען מיט אַזאַ התלהבות, אַז ער האָט משוגענערווייז אויך גענומען טופּען מיט די פיס, אַזוי ווי ער אַליין וואָלט זיך געריסען צום טאַנצען...

און ווען מאָגולעסקאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט דאָס גאַנצע פּובליקום אויסגעשאָסען איין „האַ־אַ!“ — אַזוי ווי עס וואָלט דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט, איז אויפגעשפּרונגען פון די ערטער, האָט ווילד געקלאַפּט מיט די פיס, געפּאַטשט אין די הענט און ניט אויפגעהערט צו שרייען, ביז מאָגולעסקאָ האָט ווידער גענומען טאַנצען...

דאָס איז געווען די קראַפט פון מאָגולעסקאָ'ן...

.2

ווי אַזוי מאָגולעסקאָ איז מגולגל געוואָרען אין אַ פעדלער פון העסטער סט.

שפּעטער האָב איך אַ געלעגענהייט זיך צו באַקאָנען מיט מאָגולעסקאָ'ן נאָך נעהנטער.

ווען מען מאַכט „פּראָבע“ אין טהאַליאַ טעאַטער אויף מיין „איסט סייד גהעטאָ“, האָב איך עגמת נפש פון דעם, הלמאי מאָגולעסקאָ פיהלט ניט די ראָל פון מאָטקע באָס.

די דאָזיגע ראָל — ווי איך האָב אין אַ פריהערדיגען קאַפּי־טעל באַמערקט — איז פון אַ תמ'עוואַטען, דערשלאָגענעם אידי־

שען ארבייטער, וועלכער, אין דער צייט פון א סטרייק, האָט מורא אי פאר זיין „באָס" אי פאר זיינע ברידער־ארבייטער.

ער וואָלט „געסקעבט" כדי ניט איינצו'רוגז'ן דעם באָס, און סטרייקט מיט די ארבייטער, ווייל ער האָט מורא פאר א פאטש.

איז דער דאָזיגער נפש נישט צום הארצען מאָגולעסקאַ'ן. ער טענה'ט:

— אי, שלעכט! דעם נפש וועל איך שוין ניט איינבייסען. איך ווייס ניט וואָס ער איז: איז ער גוט, איז ער שלעכט? פליישיג צי מילכיג — וואָס איז עס?

די העלדען אויף דער אידישער ביהנע זיינען אין יענער צייט צוטיילט געווען אויף גוטע און שלעכטע, אויף מלאָכים און טייוואָלים.

פרואוו איך איהם ערקלערען דעם טיפ פון מאַטקע באָס. ציהט ער די אַקסלען און מאכט:

— אי, טאַטעלע, איך'ל אייך זאָגען דעם אמת: מיר איז גלאַט ניט צום הארצען צו שפּילען אַן ארבייטער. ווער דארף עס? ווּעמען אינטערעסירט עס? מען וועט ניט לאַכען — גע־דענקט, וואָס איך זאָג אייך.

חוץ דעם, ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין א פריהערדיגען קאַפּיטעל, האָט מאַטקע באָס א טבע איבערצו'חזר'ן דעם אָנפאנג פון א פראַזע ביי יעדען סוף פון דער פראַזע, ווי למשל: „האָב איך געזאָגט, האָב איך". טענה'ט מאָגולעסקאָ:

— הארטע עברי. איך פיהל ווי אַן עק וואָלט זיך מיר נאָכגעשלעפּט אינ'ם מויל...

אַז איך הער פון איהם אַזעלכע טענות, ווערט מיר נישט גוט אויפ'ן הארצען.

טרעפט, אַז אַ פּאָר טעג פאר דער ערשטער פאָרשטעלונג שטויסט זיך אָן מיין פרוי אין העסטער סטריט אויף אַזאַ מין טיפ ווי מאַטקע באָס. זאָגט זי עס מיר.

לויף איך אַוועק צו מאָגולעסקאַ'ן אַהיים. (ער האָט גע־וואוינט אויף איסט בראָדוויי.) ער שלאָפט.

מען וועקט איהם אויף. איך זאָג עס איהם. טוט ער זיך א כאַפּ מיט התפעלות: „טאַקע?" און באַלד זיינען מיר אין העסטער סטריט, און מאַגולעסקאַ רעדט מיט'ן אידען, וועלכער פאַרקויפט איהם א פּאַר זאָקען פון א קערבעלע.

גערעדט מיט איהם עטליכע מינוט, מאַכט דערנאָך צו מיר מאַגולעסקאַ מיט זיין באַזונדערען באַגייסטערטען שמייכעל:

— עס וועט שוין זיין גוט, טאַטעלע... איך האָב איהם שוין... וועט זיין א וואויל נפש'ל...

און ביי דער ערשטער פאַרשטעלונג פון דער „איסט סייד גהעטאָ" קומט ארויס יענער אידעל, עס זאָל פעהלען א האָר!

דער אייגענער קול, די אייגענע באַוועגונגען, דאָס אייגען געל בערדעל מיט א פאַרריסען עק, דער זעלביגער בליק, די זעלביגע מינעס, נאָר באַ'טעמ'ט מיט דעם באַזונדערען מאַגולעסקאַ־חן און באַשטראַהלט מיט זיין גייסט.

מיין פרוי רופט זיך אָן צו מיר:

— זעה נאָר, דאָס איז דאָך דער איד פון העסטער סטריט!...

צווישען די אידישע אַקטיאָרען רעדט מען נאָך ביז היינט וועגען מאַגולעסקאָ'ס מאַטקע־באַס.

די דאָזיגע ראָל איז דערנאָך געווען איינע פון זיינע קרוין־ראָלען.

ער שטעהט נאָך פאַר מיינע אויגען, דער דאָזיגער פאַר'־צרה'טער, אויסגעדאַרטער אידעל, מיט'ן געל, פאַרריסען בערדעל, וואָס איז פייכטלאַך פון די טראָפּענס שנאַפּס, וואָס זיינען אויף דעם אַראָפּגערונען, בשעת ער האָט געטרונקען לכבוד יום־טוב פון דעם גלעזעל.

זיין קאָפּ שווימט ארום אונטער אַן אַלטען הוט, וועלכען ער האָט קאַנטיג געווען, געקויפט אין אַן אַלטוואַרג־געשעפט, אָדער אפשר נאָר ביי זיינעם א קוואַרטיראַנט, וועלכער האָט געהאַט א גרעסערען קאָפּ, איידער ער.

פלינק שפּרינגען ארום זיינע פאַרזשמורעטע אויגלאַך אויף

אַלע זייטען און פון צייט צו צייט צינדען זיי זיך אָן מיט א ניט־דרייסטער פרעהליכקייט, אזוי ווי זיי וואָלטען גערעדט:

— היינט איז יום־טוב, מעגען מיר זיך פאַרגינען צו זיין פרעהליך.

און ער ווערט פרעהליכער פון מינוט צו מינוט, און אינ־איינעם מיט איהם — אַלע אויף דער ביהנע און דער גאַנצער עולם אינ׳ם טעאַטער.

ער טוט זיך א לאָז צו חיה־שרה׳ן, מאַדאַם אַבראַמאָוויטש:

— חיה־שרה, א טענצעלע לאָמיר געהן, א טענצעלע, לכבוד יום־טוב, לאָמיר!

ער טוט א הויב די פיס אומגעלומפערט, פּרואווט טאַנצען — וויים איך, ווי קומט אזא איד צו קאָנען טאַנצען! ווען האָט ער אויף זיין לעבען געטאַנצט!

טוט ער א מאַך מיט א האַנט: „עט!“ און זיינע פאַר־זשמורעטע אויגען קוקען אזוי רחמנות׳דיג, ווי זיי וואָלטען גע־רעדט:

— נישט פאַר מיינע אויסגעמוטשעטע פיס פון דער מאַשין און נישט פאַר מיין כח צו טאַנצען!...

און ער קאָרטשעט זיך צוזאַמען, זעהט אויס נאָך מעהר חלוש, נאָך מעהר פאַר׳צרה׳ט...

ער איז אַן אַלמן און מען רעדט איהם א שידוך מיט חיה־שרה׳ס שוועסטער, וועלכע מאַדאַם ווילענסקי האָט געשפּילט — אַן עלטערע מיידעל.

דערזעהט ער מיט אמאָל דאָס מיידעל, ווען ער שטעהט אזוי א פאַר׳צרה׳טער — און גלייך איז אַן אַנדער מענש פאַר אייך.

פאַר אייערע אויגען שטעהט א מענשעל, וואָס בלאָזט אויף אין זיך מאַנסבילשע גבורה, ווי א האָן זיינע פעדערען, בעת ער דערזעהט די הוהן...

באַשיינפערליך ממש זעהט איהר, ווי דער דאָזיגער ערשט צונויפגעקאָרטשעטער, פאַר׳צרה׳טער אידעל גלעט אוים אויף זיך

די קאָרטשען און די קנייטשען, ווישט פון זיך די פאַר׳צרה׳דיג־קייט און פּאַמפּעט פון זיך דעם „מאַן“.

היינט ווי ער קוקט אויף איהר! זיינע פארזשמורעטע אויגען האָבען זיך ברייט מיט א פייערל געעפענט, און א קאַץ א נאַ־שערין האָט פון דאָרט ארויסגעקוקט אויף א געשמאַקען ביסען...

און מיט אמאָל טוט ער א פיהר מיט א פינגער אונטער דער נאָז, האָט עפּעס דאָרט אָנגעטאַפּט און מיט שרעק דעם פינגער אָן ארבעל אָפּגעווישט.

און אזוי נאַטירליך איז דאָס ביי איהם ארויסגעקומען, אזוי ניט איבערטריבען און אין דער אייגענער צייט מיט אזוי פיל איינגענאַרטיגען חן, אז אפילו דער לעצטער אומעסטעטישער זשעסט זיינער, געמאכט פון איהם, האָט ניט געקאָנט באַליידיגען דעם פיינסטען און ראַפינירטסטען געשמאַק.

דער עולם אינ׳ם טעאטער האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער. זיין גאַנצע נשמה האָבען די צושויער געזעהן, זיינע אַלע גע־דאַנקען געלעזען, און דאָס האָט מאַגולעסקאָ געוויזען שטום, בלויז מיט א מינע, א זשעסט, א בליק... אויף קיין איין רגע האָט מען ניט געפיהלט, אז אן אַקטיאָר שפּילט אויף דער ביהנע.

נאָר אָט האָט ער גענומען ריידען.

דער טרייער יוניאָן־מאַן לייזער (פיינמאַן) האָט זיך צואוואַ־רימט פון דעם ביסעל משקה און האַלט א רעדע אין גראַמען.

מאַטקע באַס האָט שטאַרק הנאה פון די דאָזיגע גראַמען און כאַפּט אונטער מיט התפעלות יעדען גראַם, וואָס לייזער זאָגט ארויס. ביז ער צוברענט זיך און דריקט אויס זיין באַוואונדע־רונג פאַר לייזער׳ן מיט די ווערטער:

— אַי, לייזער, א מענש, ווי איך בין א איד, א מענש... ווען ער וואָלט ניט געווען קיין קלאָוקמאַכער, ניט געווען, וואָלט ער א גאַנצער בדחן געווען, א גאַנצער... עס גיסט זיך ביי איהם ווי פון א באָטעל ספּירים, א באָטעל...

און ווען ער האָט אזוי גערעדט, האָט מען געקאָנט שווערען,

אז דער דאָזיגער מענשעל האָט זיין גאַנץ לעבען גערעדט נאָר אַזוי און ניט אַנדערש.

און ווען לייזער צורעדט זיך דערנאָך וועגען זייער שווערען לעבען, דערמאָנט זיך אויך מאָטקע באַס אָן דעם, אַז זיין זוהן בענעלע איז געשטאָרבען.

— קיין דאָקטאָר איז ניט געווען, קיין דאָקטאָר, און בענעלע איז געשטאָרבען, בענעלע...

ווער עס האָט איהם געזעהן אין דער דאָזיגער סצענע און ווער עס האָט זיין קול געהערט, יענער האָט פון זיין כליפּ אויפ־געציטערט, יענער האָט זיין וואונדערקראַפט דערפיהלט.

דער גאַנצער עולם, וואָס האָט מיט איהם ערשט געלאַכט, האָט מיט אַמאָל גענומען קרעכצען און זיפצען...

אין דער פּיעסע קומען ארויף די ארבייטער גוט־יום־טוב ביטען מיט געזאַנג. האָט מאָגולעסקאָ, וועלכער איז פול מיט נגינה געווען, פאַרפאַסט אַ ניגון אָהן ווערטער.

און וואָס פאַר אַ שטימונג האָט דער דאָזיגער מאָגולעסקאָ־ניגון אויף דער ביהנע ארויפגעבראַכט! די פרעהליכקייט פון דעם אידישען קבצן, פון דעם אידישען ארבייטער האָט אין איהם געקלונגען, אַ פרעהליכקייט, דורכגעוויקט אין קרעכצען און טרערען...

אין דעם דאָזיגען ניגון, וואָס מען האָט געזונגען אין דעם ערשטען אקט, האָט זיך געפיהלט די גאַנצע טראַגעדיע פון דעם אידישען ארבייטער, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין די ווייטערע אקטען...

דאָס האָט אומבאַוואוסט געשאַפען מאָגולעסקאָ'ס זשעני!...

3.

דער נאַציאָנאַלער אידישער קאָמיקער.

וואָס פאַר אַ מין קינסטלער איז מאָגולעסקאָ געווען?

עס זיינען פאַראַן קינסטלער אויף אַלע געביטען פון דער קונסט, וואָס אין זייער שאַפען שטראַהלט אָפּ, אַזוי צו זאָגען, אַ

געוויסער הויפּט־כאַראַקטער־שטריך פון זייער פאָלקס־נשמה. אָט זיי זיינען דאָס די נאַציאָנאַלע קינסטלער אין דעם אמת'ן זין פונ'ם וואָרט.

דער הויפּט־סימן פון אַזאַ קינסטלער, וואָלט איך געזאָגט, איז דער, וואָס זיינע ווערק געפינען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער ביי אַלע שיכטען פון זיין פאָלק, סיי ביי דעם אינטעליגענט, סיי ביי דעם האַלב־אינטעליגענט, סיי ביי דעם האַלב־געבילדעטען און סיי ביי דעם פּשוט'ען פאָלקס־מענש.

עפּעס איז דאָ אין דעם קינסטלער'ס ווערק, וואָס ווירקט אויף זיי אַלעמען, וואָס ווירקט און וועקט די הערצער ביי זיי אַלעמען.

דאָס ווירקט און וועקט זיי די אינטימע, וואַרימע שטים פון זייער פאָלקס־נשמה, וואָס זיי אַליין זיינען גייסט פון איהר גייסט און וועלכע האָט זיך אנטפּלעקט דורך דער נשמה פון דעם קינסטלער.

אַזאַ קינסטלער, אין זיין אופן, איז געווען מאָגולעסקאָ. ער איז געווען, וואָלט איך געזאָגט, דער נאַציאָנאַלער אידישער קאָמיקער.

אַלע זיינע אייגענאַרטיגע, פאַרשיידענסטע טענער און פאַרבען האָט דער אידישער קאָמיזם דורך איהם אויסגעדריקט.

דער אידישער קאָמיזם האָט ליב אַמאָל אַ טאַנץ צו טאָן, טאַנצט מאָגולעסקאָ, טאַנצט דער איד און ניט קיין אַנדערער. טאַנצט דער אידישער חסיד, צי ביי אַ חתונה, צי אין אַ יום־טוב, אין אַ שוהל שמחת תורה צו הקפות, צי ביי אַ ספר־תורה איינגעבען, צי ביי אַן אַנדער מצוה, אַן אַנדער שמחה... דער איד טאַנצט, די אידישע נשמה הוליעט, ווען מאָגולעסקאָ טאַנצט, ווען מאָגולעסקאָ הוליעט.

און דער אידישער עולם, וואָס איז דערביי, דערפיהלט זיך אין דעם דאָזיגען טאַנץ — און מיט זיין האַרצען טאַנצט ער מיט...

דער אידישער קאָמיזם האָט ליב אַ געפּעפערטען וויץ, זאָגט איהם מאָגולעסקאָ, אָבער אויף אַזאַ נאַאיווען, אומשולדיגען און נאַטירליכען אופן און מיט אַזוי פיל אמת־אידישען חן, אַז עס

דאַכט זיך, אַז עס איז די נאַטירליכסטע זאַך, אַז דער דאָזיגער נאַאיווער און דאָך חנ'עוודיגער איד זאָל עס זאָגען...

דער אידישער קאָמיזם האָט ליב אַמאָל צו זינגען, זינגט מאַגולעסקאַ, זינגט אַלעמאָל די נגינה, וואָס ער טראָגט אין זײן אײגענעם האַרצען, זײנע אײגענע לידלאַך, זײנע אײגענע מאָטי־וועז, און װי נאָהענט עס קלינגט דאָס דער דאָזיגער מאַגולעסקאַ־נעזאַנג פאַר די אידישע צוהערער!

זײער געזאַנג זינגט ער, דעם עכט־אידישען געזאַנג, וואָס צוגעהט זיך איבער זײערע אַלעמענס הערצער, און װעלכען זײ אַלײן זינגען באַלד נאָך.

אַ סך פּיעסען אויף דער אידישער ביהנע האָבען געהאַט צו פאַרדאַנקען זײער גרויסען ערפאָלג מאַגולעסקאַ'ס ליד, זײנע עכט־אידישע נגונים.

אַזוי האָט יעקב גאָרדינ'ס „שעהנע מרים“ אויך געהאַט צו פאַרדאַנקען מיט יאָהרען צוריק איהר גרויסען ערפאָלג מאַגולעס־קאָ'ס באַריהמטען ליד „דאָס פעקעלע“, וואָס מען האָט כמעט אין יעדען אידישען הויז דעמאָלט נאָכגעזונגען.

דער אידישער קאָמיזם קרעכצט און כליפּעט אַמאָל, קרעכצט און כליפּעט אַמאָל מאַגולעסקאַ, קרעכצען און כליפּען דעמאָלט די הערצער בײ אַלע זײנע צושויער.

מאַגולעסקאַ קרעכצט, מאַגולעסקאַ כליפּעט; דער לעגענדאַ־רער פרעהליכער איד, די פרעהליכקײט פון דער אידישער נשמה, װעלכע איז אָנגעזאַפּט מיט קרעכצען און טרערען, האָט זיך צוכליפּעט און צוקרעכצט...

מיט אײן וואָרט, דער אידישער קאָמיזם אין אַלע זײנע ניואַנסען און שאַטירונגען, מיט זײנע פאַרשײדענסטע טענער און פאַרבען, מינעס און האַוואַיעס האָט זיך אַנטפּלעקט דורך מאַגו־לעסקאָ'ן, ווען ער איז אויף דער ביהנע געשטאַנען.

עס איז איהם קײנמאָל ניט אויסגעקומען צו שפּילען אַ קאָ־מישען טיפּ פון אַ אידישען אינטעליגענט. איך בין אָבער זיכער,

אַז אַזאַ טיפּ וואָלט ער אויך געשפּילט אַזוי, ווי נאָר ער אַליין האָט געקאָנט שפּילען.

דערפאר — איך בין זיכער אין דעם — וואָלט ער ניט גע־קאָנט שפּילען מעשה מאָגולעסקאָ אַ קאָמישען גוי'אישען טיפּ. אַזאַ וואָלט ער געשפּילט אַ סך ערגער איידער אַן אַנדער אידישער קאָמיקער, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין טויזענטסטען טייל פון זיין טאַ־לאַנט. און בלויז דערפאר, ווייל דאָס סך אייגענע, אידישע, וואָס זיין נשמה איז דערמיט איבערפילט געווען, וואָלט איהם געשטערט צו פאַרדייען ריכטיג דאָס פרעמדע, דאָס גוי'אישע...

עס זיינען פאַראַן אַקטיאָרען, וואָס שפּילען אַלצדינג: אי קאָמישע ראָלעס אי טראַגישע, אי אַלטע אי יונגע, אי אידען אי גוים, ווי עס זיינען פאַראַן שרייבער וואָס שרייבען אַלצדינג: אי לידער, אי ערצעהלונגען, אי פּיעסען, אי פּובליציסטישע אַר־טיקלען, אי וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען, אי אָפּהאַנדלונגען איבער קונסט און קינסטלער, ווען מען דאַרף...

ס'רוב זיינען אַזעלכע, מיט געוויסע אויסנאַהמען, מענשען, וועלכע האָבען זעהר ווייניג אָדער כמעט גאָרנישט זייער אייגענס. זיי צייכענען זיך אין גאָרנישט אויס. זיי קאָנען זיך אין גאָר־נישט אויסצייכענען, ווייל אין זיי איז לעדיג, פּוסט. מיט דער אייגענער גלייכגילטיגקייט קאָנען זיי אָנפילען זייער פּוסטקייט מיט אַלצדינג אין דער וועלט.

זיי זיינען געגליכען צו פּוסטע פעסער, וואָס היינט זיינען זיי אָנגעפילט מיט וויין, מאָרגען — מיט עסיג, צי גאָר מיט וואַסער.

מאָגולעסקאָ אָבער איז תמיד געווען אַ כלי, פול אָנגעגאָסען ביז איבער די ברעגעס, וואָס גאָט אַליין האָט אָנגעגאָסען מיט אמת'ן וויין, מיט איין געוויסען סאָרט טייערען וויין, פון דעם אידישען וויינגאָרטען.

דעם אידישען קאָמיזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען האָט ער אַלעמאָל געגעבען, מיט זיין פרעהליכקייט, מיט זיין טאַנץ, מיט זיין געזאַנג, מיט זיין קרעכץ און זיין טרער.

דאָס האָט ער געגעבען, דאָס האָט ער געמוזט געבען, ווייל מיט דעם איז ער פול געוועזן...

### 4.

**ווי זיין פיסעל האָט געלאכט און געזונגען, ווען זיין קול האָט איהם שוין ניט געדינט.**

פאַר מיינע אויגען טראָגט זיך פאַרביי א לאַנגע גאַלערעע פון מאָגולעסקאָ־טיפּען: מאָגולעסקאָ־„שמענדריק“, מאָגולעסקאָ־„קוני־לעמעל“ פון גאָלדפאַדען; מאָגולעסקאָ אין „פּוילישען אינגעל“; אַלס שפּרינצע די מעקלערין אין שייקעוויטש'עס (שמר'ס) „קאָקעטע דאַמען“; אַלס די פרוי אין „מאַשקאַ און מישקאַ“; מאָגולעסקאָ אין שייקעוויטש'עס „אימיגראַנטען“; אַלס דער שמענדריק־אידעל אין לאַטיינער'ס „אידישע האַרץ“; מאָגולעסקאָ אַלס אליקום סטאַ־דאַליע אין „דבורה'לע מיוחסת“; אַלס שליאָמע הוץ אין גאָר־דינ'ס „שחיטה“, אין גאָרדינ'ס „סאַפאָ“, אין ליבינ'ס „טרוימער“, אין ליבינ'ס „שכנים“, אין קאַץ'ס „דאָן קיכאָט“, אין פּינסקי'ס „יאַנקעל דער שמיד“ און אין מיינע עטליכע פּיעסען...

ווער קאָן אויסרעכענען די אַלע ראָלען, אין וועלכע מאָגולעסקאָ האָט זיך אויסגעצייכענט?

יעדער פון די דאָזיגע אויסגערעכענטע פאַרשוינען האָבען ביי איהם געלעבט, יעדער מיט זיין באַזונדערען קנייטש, האַוואַיע, מינע, און דורך יעדען פון זיי האָט זיך אַנטפּלעקט דער אידישער קאָמיזם, געווירצט מיט'ן באַזונדערען מאָגולעסקאָ־חן.

א סך פון די דאָזיגע ראָלען זיינען אָפּגעשטאָרבען צוזאַמען מיט איהם, ווייל קיין אייגענעם לעבען האָבען זיי ניט געהאַט. זיי האָבען געלעבט נאָר מיט דעם לעבען, וואָס ער, מאָגולעסקאָ, האָט אין זיי אריינגעבלאָזען...

און ווי ער האָט דאָס לעבען אריינגעבלאָזען, ווי לייכט!

איין בליק, איין געוויסע האַוואַיע, עטוואָס א באַוועגונג, א קעהר, א מאַך מיט דער האַנט אויף א באַזונדערען אופן, א באַזונ־

דערע באַטאָנונג, און עס איז שוין געשטאַנען פאַר אייך אַ לעבעדי־גער קאָמישער אידישער טיפּ...

מיט איין שטריך האָט ער געקאָנט אָנווייזען אויף דער קאָמי־שער זייט פון אַן ע ר נ ס ט ע ר און אויף דער ערנסטער זייט פון אַ ק אָ מ י ש ע ר סיטואַציע.

אָט ערשיינט ער אַלס סאַפאָ'ס פאָטער אין גאָרדינ'ס „סאַפאָ". קיינער קאָן איהם נאָך ניט. נאָר שוין באַלד ביי זיין אויפטריט, ווי אַזוי ער האַלט די אַקסלען, טראָגט דעם הוט, וואַרפט מיט די הענט און באַזונדערס פון דעם טאָן, מיט וועלכען ער ווענדט זיך צו זיין פרוי: „גיב מיר אַ גלאָז טיי", דערקאָנען מיר אין איהם גלייך דעם הפקר־אידען מיט דער קליינטשיקער נשמה'לע, וועלכע איז אָנגעזאַפּט מיט דער לינקער זייט פון דער שטאָדטישער ציוויליזאַציע.

ער האַלט פון זיך, ליבט זיך, זיין מאָגען און וויטער קיינעם ניט.

איהר האָט רחמנות אויף זיין פרוי, עס טוט אייך וועה פאַר זיין טאָכטער. און דאָס האָט געקאָנט באַווייזען מאָגולעסקאָ מיט אַ פּאָר שטריכען, הגם ער האָט די דאָזיגע ראָל, ווי ער האָט מיר אַמאָל אַליין געזאָגט, ניט ליב געהאַט.

אגב, די ראָלען אין שייקעוויטש'עס און לאַטיינער'ס פּיעסען זיינען איהם מעהר צום הארצען געווען, איידער די ראָלען אין די בעסערע פּיעסען.

ער האָט דאָס מיר ניט איין מאָל געזאָגט.

פאַרוואָס? נאָך מיין מיינונג, איז דאָס לייכט צו ערקלערען.

אין די בעסערע פּיעסען האָט ער זיך געפיהלט ניט פריי גענוג. זיין געפליגעלטער שאַפונגס־גייסט, וועלכער איז געווען געוואוינט אין די אַנדערע פּיעסען צו שאַפען אומגעשטערט פון טויט לעבען, פון כמעט גאָרנישט מענשען־כאַראַקטערס, האָט זיך דאָ, אין די בעסערע פּיעסען, געפיהלט אין אַ געוויסען זין געפּענטעט, ג ע־ב ו נ ד ע ן פ ו ן אַ ל ע ב ע ן, וו אָ ס ה אָ ט ש ו י ן

עקזיסטירט, פון אַ כאַראַקטער, וואָס דער פאַרפאַסער האָט שוין באַשאַפען...

צו־ענג האָט ער זיך געפיהלט, פאַרשפאַרט אין אַ לעבען, אין אַ כאַראַקטער, אין וועלכען זיין שאַפונגס־גייסט האָט זיך געמוזט אונטערוואַרפען אַן אַנדערען...

דערצו האָט ער זיך דאָ געמוזט האַלטען מעשה סטאַטיק — ניט זינגען, ניט טאַנצען. בעת אין די אַנדערע פּיעסען פון שייקעוויטש, הורוויץ און לאַטיינער האָט ער דאָס געקאָנט טאָן אומגעשטערט, דאָס הייסט, געקאָנט זיך אַנטפּלעקען פאַר דעם עולם אויך מיט די דאָזיגע זייטען פון זיין טאַלאַנט...

האָט ער אָבער אַמאָל געשפּילט אין די בעסערע פּיעסען, האָט איהם קיינער דערנאָך ניט געקאָנט נאָכמאַכען.

פון דעם נאַרישסטען מיש־מאַש, פון דעם אומגעלומפּערטסטען כאַאָס האָט ער שטענדיג אַרויסגעטויכט פול מיט לעבען און אידישען הומאָר.

ווי ער האָט ניט איבערטריבען, איז ביי איהם אויסגעקומען נאַטירליך. דאָס איז געווען זיין קראַפט. פּונקט ווי אַנדערע פון אונזערע קאָמיקער, ווען זיי ווילען אַפילו שפּילען נאַטירליך, טרייבען זיי איבער. דאָס איז זייער שוואַכקייט.

מאָגולעסקאָ'ס גייסט איז אינגאַנצען אָנגעזאַפּט געווען מיט אידישען קאָמיזם.

דער אידישער קאָמיזם איז אַ געמיש פון פרעהליכקייט און אומעט, פון געלעכטער און טרערען, פון פייערדיגען טאַנץ און פאַרשטיקטען קרעכץ.

און דאָס איז געווען מאָגולעסקאָ'ס קאָמיזם.

דאָ האָט ער געלאַכט און געזונגען, און געטאַנצט, און דאָ האָט ער געכליפּעט...

דאָ האָט אַ טרעהר געציטערט אין זיינע אויגען און אין זיין

קול, און דאָ האָט עס מיט אמאָל דאָרט אויפגעפלאַמט מיט זוניגער פרייד און פייערדיגען טאַנץ און געזאַנג, און מיט די פאַרשידענסטע פאַרבען און קאָלירען האָט דער געלעכטער פון דאָרט אַרויסגע־שפּריצט...

איך געדענק ניט, ווער עס האָט מיר אמאָל געזאָגט, אז ווען מאָ־גולעסקאָ וואָלט שטום געוואָרען, וואָלט ער אויך געזונגען...

דאָס איז זעהר אַ געלונגענער אויסדרוק וועגען מאָגולעסקאָ׳ן.

איך האָב איהם געזעהן אין די לעצטע יאָהרען פאַר זיין טויט, ווען ער איז שוין געפעהרליך קראַנק געווען, ווען דער קול האָט איהם שוין ניט געדינט, אין שמר׳ס „אימיגראַנטען„, און ער האָט אויך געזונגען...

הייזעריג, מיט דער קראַנקהייט אין האלז, האָט ער געזונגען. און דאָס, וואָס זיין שטים האָט ניט דערזונגען, האָבען זיינע אויגען דערזונגען, זיין פּנים, זיין יעדער אבר, זיין יעדער ריהר, זיין יעדע באַוועגונג, אזוי, אז דער עולם האָט אַ ל ץ א י י נ ס ז י י ן ג ע ז אַ נ ג ג ע פ י ה ל ט, זיין מאָגולעסקאָ־געזאַנג...

און ווען איך האָב איהם דעם לעצטען מאָל געזעהן שפּילען, איז ער גאָר שוואַך געווען. דעם אידען אין לאַטיינער.ס „אידישע האַרץ” האָט ער געשפּילט.

די קראַנקהייט האָט זיין שטים אויפגעפרעסען, זיינע לעצטע כוחות... האָט דער שאַפונגס־גייסט, וואָס האָט אזוי אין איהם געלעבט ,זי אויסגעדריקט דורך זיינער, מאָגולעסקאָ׳ס אַ פ ו ס ! . . .

מאָגולעסקאָ האָט דאָרט געשפּילט אַ אידעל, וואָס ציטערט פאַר זיין ווייב׳ס דוך. דער איידים זיינער רעדט איהם איין, אז ער זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווייזען זיין פרוי, אז ער איז דער מאַן.

ער לערענט איהם, ווי אַ טופּע צו טאָן מיט׳ן פוס...

מאָגולעסקאָ, דער שלים־מזל׳דיגער מאַן, נעהמט צונויף די כוחות, וויל פאָלגען זיין איידים, וויל ריכטיג אַ טופּע טאָן מיט׳ן פוס, דערזעהט ער אָבער זיין ווייב, טוט זיין פוס אזוי צושראָקען און הכנעה׳דיג זיך אַ טרייסעל און אַ בויג, אז מען זעהט ממש

ווי די גאַנצע שרעקעדיגע נשמה פון דעם דאָזיגען אידעל קאָרטשעט
זיך דאָרט און באַהאַלט זיך דאָרט אין זיין פוס...

א גאַנצען סעזאָן איז דעמאָלט דער עולם געלאָפען אין טהאַליאַ
טעאטער צו זעהן די פוס פון דעם גרויסען קאָמיקער, די פוס,
וואָס האָט מיט אַזוי פיל חן געלאַכט...

שווער איז דער קראַנקהייט אויסגעקומען צו דערשטיקען אין
גאַנצען מאָגולעסקאָ'ס גייסט.

האָט זי זיין שטים דערשטיקט, האָט ער מיט די אויגען גע־
לאַכט און געזונגען, מיט'ן פּנים, מיט זיינע באַוועגונגען.

האָט זי פון איהם די כוחות אַרויסגעזויגט, האָט א פ ו ס זיך
נאָך ביי איהם באַוועגט און געלאַכט...

צום סוף האָט די קראַנקהייט זיינע פיס אויך בייגעקומען.

56 יאָהר איז ער ערשט אַלט געווען, ווען ער איז געשטאָרבען.

## בערטא קאַליש.

איהר טאַלאנט. — מיט וואָס זי האָט זיך אויסגעצייכענט צווישען אונזערע אנדערע באריהמטע ארטיסטקעס. — ווי אזוי זי איז באריהמט געווארען דורך דער בעסערער פיעסע.

זעהר עלעגאנט און פאָרנעהם אין איהר אויסזעהן און אין איהר יעדער באוועגונג איז זי געווען — די עלעגאנטסטע און פאָר־נעהמסטע צווישען אלע אונזערע אמאָליגע באריהמטע אידישע ארטיסטקעס.

הויך, שלאנק און בויגיג איז זי געווען, מיט א באזעעלטען פּנים און פיינעם שמייכעל און אויסדרוקספולע אויגען, און יעדער קעהר איהרער, יעדער זשעסט, און יעדע מינע איז פול גראציע גע־ווען, פול חן, פול עלעגאנץ און פיינקייט.

איך דערמאָן זיך: איך האָב זי דעם ערשטען מאָל געזעהן, איידער זי האָט זיך נאָך געוויזען אין דער בעסערער פיעסע — אין דער באקאנטער מעלאָדראמע: „די צוויי יתומות".

מיט עטליכע און צוואנציג יאָהר צוריק איז דאָס געווען, אין טהאליא טעאטער.

אין יענער פאָרשטעלונג — געדענק איך — האָבען אויך גע־שפּילט פיינמאן און מאדאם אבראמאָוויטש.

מאדאם קאַליש איז געווען איינע פון די יתומות. בלינד איז זי געווען, אין שמאטעס איינגעהילט, פארפייניגט פון דער שלעכ־טער פרוי — דער שיכור'טע, וואָס מאדאם אבראמאָוויטש האָט געשפּילט — און די באזונדערע עלעגאנץ און גראציע און פיינ־קייט פון דער קאַליש זיינען אפילו אין דעם דאָזיגען בארג שמאַ־

טעס, אין דער דאָזיגער בלינדקייט און אין דעם דאָזיגען פיין, ניט פאַרלאָרען געגאַנגען.

און אַזוי איז אַלצדינג, וואָס זי האָט געטאָן און וואָס זי האָט געשאַפען אויף דער ביהנע, שטענדיג באַהויכט געווען מיט עלעגאַנץ און פיינקייט.

אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט די פּערזענליכקייט פון דער אַרטיסטקע, וועלכע, ווי זי האָט זיך ניט צונויפגעשמאָלצען מיט דער ראָל, וואָס זי האָט געשפּילט, האָט זי דאָך איהר אייגענאַרטי־גען איך קיינמאָל ניט פאַרלאָרען.

דער בעסטער סימן פון אמת'ען טאַלאַנט.

מיט איהר באַזונדערער עלעגאַנץ און פיינקייט האָט זי זיך שטענדיג אויסגעצייכענט צווישען די אַנדערע אונזערע באַריהמטע אַרטיסטקעס.

און מיט נאָך עפּעס:

מיט איהר אָרגאַן און מיט איהר דיקציע.

זילבערנע טענער האָבען געהילכט אין איהר שטים, וואַרימע און לאַסצענדיגע, ווי מיט זון געמישט

ווי מוזיק האָט די דאָזיגע שטים געקלונגען און געווירקט אויף די צושויער מיט איהר קלאַנג אַליין.

און ווי בויגיג די דאָזיגע שטים איז געווען און ווי פול מיט אויסדרוק! דאָ האָט אַ יונג מיידעל אַ שטיפערקע, ווי אַ פויגעל, געטווישצערט, און דאָרט האָט אַ שטאָלצע פרוי געקעמפט פאַר איהרע מענשליכע רעכט אין אַ טאָן, וואָס האָט ממש ווי שטאָל געקלונגען.

האָט זי ליבע אויסגעדריקט, האָט זי מיט ליידענשאַפט גע־ברענט; פרייד — האָט די זוניגקייט אין איהר זיך געפרעהט.

אָבער וואָס איהר שטים האָט ניט אויסגעדריקט — צי צער, צי פרייד, צי ליבע, צי כעס, צי פאַרצווייפלונג, — איהר מעלאָ־דישקייט האָט זי קיינמאָל ניט פאַרלאָרען. פונקט ווי די אַרטיסטקע קאַליש אין גאַנצען האָט ניט פאַרלאָרען די באַזונדערע עלעגאַנץ און פיינקייט פון איהר זשעסט, פון איהרע באַוועגונגען...

היינט איהר דיקציע — אזוי ווי קלאָרע פּערל וואָלט זי מיט בריה'שע פינגער אויף א שנירעל געצויגען!

קיין איין וואָרט פון איהר מויל איז ניט פארלאָרען געגאנגען.

זי האָט ניט פארמאָגט דעם פייערדיגען געשריי פון דער גע־באָרענער טראגעדיסטין קעני ליפּצין און נישט די טיפע שטורמ־דיגע איבערלעבונגען פון שׂערא אדלער אין יענער צייט, זי האָט אָבער פארמאָגט מעהר פון זיי ביידען די עלעגאנטע האלטונג, דעם גראציעזען זשעסט, דעם פיינעם מינע־שפּיל און דעם מוזיקאלישען טאָן.

אין יענער צייט, ווען איך האָב זי אין „די צוויי יתומות” גע־זעהן, איז זי נאָך ניט באריהמט געווען. די קריטיק האָט זי זעלטען דערמאָנט, ווייל זי האָט זיך אלץ געוויזען אין אזעלכע פּיעסען, ווי פון הורוויץ און לאטיינער, מיט וועלכע די קריטיק האָט זיך ניט גערעכענט, ס'רוב אין געזאנג־ראָלען. דערנאָך פיהרט מען אויף אין טהאליע טעאטער מיין פּיעסע: „די איסט סייד גהעטאָ”. קאליש באקומט די ראָל פון דער יונגער ארבייטער־מיידעל. דאן דערזעהט זי איהר געלעגענהייט. און מיט וואָס פאר אן אייפער זי ארבייט איבער דער ראָל! נאָך די פּראָבען אינ'ם טעאטער קומט זי מיט מאָשקאָוויטש'ן צו מיר אהיים, כדי נאָך אמאָל און נאָך אמאָל איבערצוגעהן מיט מיר די ראָל. און דאָס איז נאָך ניט גענוג — איך מוז נאָך קומען צו איהר אהיים אויך, צו שטודירען מיט איהר די ראָל.

איין פרייטאָגדיגער פארנאכט פון יענער צייט שטעהט נאָך פאר מיינע אויגען. מאדאם קאליש וואוינט דאן מיט איהרע על־טערען. אין דאָס הויז קלייבט זיך אריין דער שבת. אויפ'ן ווייס־געדעקטען טיש אינ'ם עס־צימער זיינען אויסגעשטעלט לייכטער מיט ליכט. איך זיץ מיט מאדאם קאליש, און איהר זילבערנער קול סווישצערט ארויס די נאאיווע פרייד פון דער יונגער ארבייטער־מייד־דעל עני פון מיין „איסט סייד גהעטאָ”. מיט אמאָל רייסט זיך ביי איהר ארויס:

— אָך, גאָט, ווען איך זאָל זי ארויסברענגען אזוי ווי איך

פיהל זי !...

הויבט זיך אויף פונ'ם אָרט, וואַרפט אַרויף אויפ'ן קאָפּ א ווייס, זיידען טיכעל, געהט צו צום טיש מיט די לייכטער, צינדט אָן די שבת־ליכט און שטעלט זיך אַוועק פאַר זיי מיט די הענד, אויסגעשפּרייט געגען זיי און מיט אַן אַרונטערגעלאָזטען קאָפּ.

נאָך איצט, דאַכט זיך מיר, זעה איך די דאָזיגע עלעגאַנטע, גראַציעזע געשטאַלט, ווי זי שטעהט מיט די ווייסע הענד אויסגע־שפּרייט געגען די ברענענדיגע ליכט און מיט'ן ווייסען נאַקען איינ־געבויגט אין פרומער הכנעה, און איך הער איהר שטיל בענשען, וואָס ווערט איבערגעריסען מיט אַ פרומען זיפץ.

און איך דערמאָן זיך, אַז מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזען, אַז אין איהר ליכט־בענשען האָט זי אַריינגעפלאָכטען אויך אַ גע־בעט צו גאָט פאַר איהר ראָל.

ווי איך האָב איהר מיטגעפיהלט, ווען איך וואָלט דעמאָלט אויך געקאָנט גאָט בעטען !...

און אויב זי האָט באמת דעמאָלט גאָט געבעטען פאַר איהר ער־פאָלג, האָט גאָט צו איהר געבעט זיך צוגעהערט.

זי האָט מיט יענער ראָל געמאַכט אַן אמת'ען פוראָר, כמעט ווי קעסלער און מאָגולעסקאָ מיט זייערע ראָלען.

בפרט האָט זי געצויגען מיט יענער ראָל באַזונדערע אויפמערק־זאַמקייט צוליב די אַטאַקעס, וואָס די „טאַגעבלאַט" און די אַנדערע צייטונגען האָבען געגען מיין יענער פּיעסע אָנגעפיהרט.

מיין „איסט סייד גהעטאָ" איז פאַר יענער צייט געווען צו־געוואַגט. אַן אַרבייטער־פּיעסע, אַ סטרייק, אַ פרומער איד פאַר־פיהרט אַ מיידעל פון זיין שאַפּ, אַ מיידעל, וואָס דאַרף ווערען מו־טער. האָבען די צייטונגען גוואַלדעוועט : אידישע מאַמעס, לאָזט ניט געהן אייערע טעכטער אין אַ טעאַטער, וואו עס ווערט דער אידישער נאָמען געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט ; און וואו מען ווייזט, ווי אַ מיידעל געהט צו קינד אויף דער ביהנע !...

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט טהאַליאַ טעאַטער דאַן אַרויסגעגעבען אַ ספּעציעלע צייטונג וועגען דער דאָזיגער פּיעסע

מיט ארטיקלען פון אָנגעזעהענע שרייבער, וועלכע האָבען אי די פּיעסע געלויבט, אי דאָס שפּילען פון די אַקטיאָרען. אויך האָבען מיינע פריינד גערופען פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע באַקאַנטע פּער־זענליכקייטען, ווי דר. אב. קאַספּע, דר. מאַקס גירזשדאַנסקי און אַנ־דערע, האָבען פּראָטעסטירט געגען די אַטאַקעס פון די צייטונגען. פאַרשטעהט זיך, אַז יעדער פון די רעדנער, לויבענדיג דעם באמת־וואונדערליכען שפּילען פון די אַקטיאָרען אין דער דאָזיגער פּיעסע, האָט געמוזט אויך לויבען מאַדאַם קאַליש.

פון דער דאָזיגער פּיעסע אָן ווערט זי אַלץ מעהר און מעהר באַריהמט. זי זוכט די בעסערע פּיעסע און שפּילט די בעסערע פּיעסע און מיט יעדער אין די דאָזיגע פּיעסען וואַקסט זי אַלץ מעהר און מעהר אויס, ווערט אַלץ מעהר באַליבט סיי ביים פּובליקום און סיי ביי דער קריטיק. איהר הויפּט־ערפאָלג האָט זי אין גאָר־דינ'ס „קרייצער סאָנאַטאַ" און אין זיין „סאַפּאָ".

זי ווערט אַזוי באַריהמט ,אַז בראָדוויי פאַרקוקט זיך אויף איהר... פאַרקוקט זיך אויף איהר, דערזעהט זי און נעהמט זי אוועק פון דער אידישער ביהנע.

און אַזוי האָט די אידישע ביהנע פאַרלאָרען איהר מאַדאַם קאַ־ליש, און אַזוי האָט מאַדאַם קאַליש פאַרלאָרען איהר אידישע ביהנע — און ביידע, ווייזט זיך מיר אויס, האָבען דערפון גלייך געליטען !..

# יעקב פּ. אַדלער.

וואָס איך האָב געהערט וועגען איהם אין מיינע אינגעלשע יאָהרען. — דעם נאָמען, וואס ער האָט איבערגעלאָזט צווישען זיינע פארעהרער אין רוסלאַנד.

ווען איך בין נאָך אַ אינגעל געווען, געדענק איך, האָב איך שוין זיין נאָמען געהערט אין מיין געבורטס־שטאָדט וויטעבסק.

דאָס אידישע טעאַטער איז שוין דאן געהאַט פארבאָטען געווען אין רוסלאַנד און ווען מען האָט דערנאָך אַמאָל פון איהם גערעדט ביי אונז אין שטאָדט, איז דער נאָמען פון א י י ן אידישען אַקטיאָר, געדענק איך — באַזונדערס אָפט דערמאָנט געוואָרען — אַ ד ל ע ר.

אַזוי ווי היינט וואָלט דאָס געוועזן. איך בין נאָך געווען גאָר אַ יונג אינגעל. איך האָב ביי חזנים געזונגען. דערמאָן איך זיך, ווען איך האָב געזונגען ביי איצע־באַראַבאָטשקע (די עלטערע לאַנדס־לייט מיינע געדענקען איהם אודאי), האָב איך דאָרט אָפט אַדלער'ס נאָמען געהערט.

אויף איצע־באַראַבאָטשקע וויל איך זיך אַ ווייַלע אָפּשטעלען, מחמת ער איז אויך אַ קינסטלער געווען, און מחמת מיר ווילט זיך אָפּ'טובל'ען אין יענע אינגעלשע יאָהרען, וועלכע קוקען אַרויס צו מיר מיט אַזוינע פאַר'חלומ'טע און פאַרבענקטע אויגען...

אַ בלייכער איד איז ער געווען, מיט אַ געל, ציגען בערדעל, און האָט אַזוי געשטאַמעלט, אַז עס איז שווער געווען צו פאַרשטעהן, וואָס ער רעדט. דערפאַר האָט מען איהם גערופען „באַראַבאָטשקע".

אָבער האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביים עמוד און אַ ציה גע־טאָן דעם טלית איבער'ן קאָפּ און זיינע ליפּען געעפענט, און זיין „ביי־קול" האָט גענומען רעדען, האָט קיין מעהר באַרעדעוודיגער

שליח ציבור, קיין מעהר הארציגער און קיין מעהר זיסער, דאכט זיך מיר, קיינמאָל צו גאָט פאַר זיין פאָלק ישראל ניט גערעדט.

אויב דער כביבול און זיינע מלאכים ווערען דאָרט געריהרט פון א אידישען שליח ציבור, זיינען זיי פון זיין זיסען, הארציגען „גוסט" זיכער געריהרט געוואָרען.

אויב א קול פון א חזן האָט אמאָל אנגעקלאפּט אין די „טויע־רען פון רחמנות" ביים רבונו של עולם, האָט איצע'ס קול זיכער זיי דאָרט ברייט געעפענט און טיף דאָרט אריינגעדרונגען.

און ווער ווייסט? איך דערמאָן זיך: א פּריסטאַוו האָבען די זארעטשייער אידען אין וויטעבסק אמאָל געהאט, וועלכער האָט זיי אָנגעטאָן גרויסע צרות, און די גרעסטע צרה איז געווען, וואָס ער האָט קיין כאבאר ניט געוואָלט נעהמען. און מיט אמאָל, אין איין שעהנעם טאָג, האָט מען דעם פּריסטאַוו אין אן אנדער שטאָדט נאזנאטשעט, און זארעטשייער אידען זיינען פון איהם פּטור געווארען. אפשר האָט עס איצע־באראבאָטשקע, וועלכער איז אלע מאָל פאַר די זאראטשייער אידען דער שליח ציבור, דער „כאדאטאי", צו גאָט געווען, ביי איהם מיט זיין הארציגען און זיסען געבעט די דאָזיגע גאולה אויסגעוויינט?...

יאָ, ווער ווייסט?

ר' איצע, אויב דו לעבסט ניט מעהר, פאַר מיר אָבער שטעה־סטו נאָך איצט מיט דיין אויסגעדארטען, מאָגערען גוף, וואָס יע־דער ביין דיינער איז פול מיט אידישען נשמה־געזאנג, און איך זעה נאָך איבער דיין פּנים שוועבען די שכינה פון הייליגער התלהבות, און דיין ביי־קול הער איך אויסקרעכצען: „יעלה־יעלה־אָי תחנוננו", אין וועלכען מיין אלט פלעכט אויך אריין זיין קרעכץ און טרער...

נאָך איצט זינג איך אויך אלע מאָל דיינע „שטיקעלאך" — דיין „יעלה", דיין „זכרנו" און דיין „היום תאמצנו", וועו קיינער הערט ניט... אָבער פון מיין היינטיגען קול, ר' איצע, וואָלסטו שוין אזוי ניט אָנגעקוואָלען, ווי אמאָל פון מיין „קול'כעל"...

אָט ביי דעם דאָזיגען חזן איז געווען א משורר — א טענאָר — מיכעל פּאַפּיראָסניק האָט מען איהם, דאכט זיך, גערופען. האָט

ער כסדר וועגען דעם אידישען טעאטער גערעדט, וואָס ער האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק אין וויטעבסק געזעהן.

און גערעדט האָט ער וועגען דעם מיט גרויסער בענקשאפט, ווייל ער אליין, ווי ער האָט אונז, די אנדערע משוררים, דערצעהלט, איז שיער אליין ניט געוואָרען קיין „קאָמעדיאנט”, ווען ער וואָלט נאָר דאן מרוצה געוואָרען אָפּצוגאָלען זיין בערדעל...

אמאָל האָט ער פאָרגעזונגען פאר אונז א לידעל פונ'ם אידישען טעאטער און דערביי נאָכגעמאכט די אלע תנועות און האַוואיעס פון די אידישע אַקטיאָרען; און אמאָל האָט ער זיך אינמיטען דערינען אויסגעצויגען אין זיין גאנצען וואוקס, פארוואָרפען דעם קאָפּ אהינטער מיט פארגלאָצטע אויגען, ארויפגעלעגט א האנט אויף דער ברוסט און איז א ווײַלע אזוי געשטאנען אין א זעהר וואזשנער פּאָזע. דערנאָך... א קרעכץ, א ברום, א זעץ אין דער ברוסט, און נאָך א זעץ, און א שרייען, און א רעווען, און א יאָמערען אויף אזא אָקטאווע, אז אונז, די אינגלאך, האָט א פחד אָנגעכאפּט, און דער חזן, ר איצע באראבאטשקע, איז אריינגעלאָפען פון א צווייטען חדר, מיט'ן ציגען־בערדעל פארריסען און צושראָקען, און מיט א שטאמלענדיגען געשריי:

— גע־גע־וואַ־אלד! טו־טו־מאה! קאָ־קאָ־מענדיאנטשיק!...

מיכעל פּאפּיראָסניק האָט דערנאָך, געדענק איך, מיט התפּעלות ערקלערט:

— אזוי האָט איינער פון זיי געשפּילט — אדלער... אָטאָ ער טאַקע אליין האָט מיך איינגערעדט, אז איך זאָל די באָרד אָפּגאָלען און ווערען א קאָמעדיאנט. אָט דאָס איז געווען א קאָמעדיאנט, אָט דער אדלער! שעהן ווי אלע זיבען זונען, א מאָנארכע ממש, פארשמאליעט זאָל ער ווערען! היינט א קאָמעדיאנט, אז ער האָט זיך פארשטעלט, האָט מען ניט געקאָנט דערקאָנען, אז דאָס איז ער. און אז ער האָט געוויינט, האָבען זיך אלע געגאָסען ווי ביבערס, נאָך מעהר איידער פון ר' איצע'ס גוסט.

אָט מיט אזוינע ווערטער, אומגעפעהר, און מיט אזא התפּעלות האָט ער דערמאָנט דעם נאָמען אדלער.

שפּעטער, אַז איך בין עלטער געוואָרען, האָב איך ביי חזנים שוין מעהר ניט געזונגען און מיכלען שוין אויך מעהר ניט גע־טראָפען. אין אַן אַנדער קרייז האָב איך זיך שוין דאַן געדרעהט, וואו מען האָט אַנדערע נעמען דערמאָנט...

און מיט אַמאָל... ווידער דערהער איך דעם נאָמען אַדלער.

געוועזען ביי אונז איינער אַ יונגערמאַן, זיין נאָמען האָב איך פאַרגעסען. ער איז אָנגעשטעלט געוועזען ביי צייטלינ'ען אין באַנק, געדענק איך, און האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ שטיקעל אינטעליגענט.

דער דאָזיגער יונגערמאַן איז געווען אַ הייסער טעאַטראַל, אַ גרויסער פּראַנט און האָט זיך כסדר אַרומגעפיהרט מיט די רוסישע אַקטיאָרען און אַקטריסעס פון דעם שטאָדט־טעאַטער.

איך דערמאָן זיך נאָך, אַז די זאַרעטשייער אידען האָבען איהם גערופען „דער הפקר־יונג". ווייל, ווען ער האָט חתונה געהאַט, איז ער צו דער חופה געגאַנגען, וועלכע איז געשטעלט געוואָרען אינ־מיטען גאַס, אַן אויסגעפּוצטער אין אַ צילינדער־הוט, מיט ווייסע האַנד־שוה און איינגאַנצען אָהן א ו נ ט ע ר פ י ה ר ע ר, מיט זיין כלה, אָהן אַ פאַרשלייערטען פּנים, און דוקא מיט איהר גע־אָרעמט, אַזוי ווי ער וואָלט געמיינט צו זאָגען: „מיר וועלען שוין אליין טרעפען דעם וועג!"

און די כלי־זמר צו זיין חופה האָט ער פריהער אויך אויס־געלערענט צו שפּילען עפּעס אַ מאַרש, וואָס איז גאָרניט געווען קיין אידישער חופה־מאַרש.

דאָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָדט, און מען האָט איהם פון דעמאָלט אָן גערופען „דער הפקר־יונג".

געה איך אַרום מיט איהם אַמאָל ביינאַכט פון שטאָדט־טעאַטער, וואו דער געניאַלער רוסישער אַרטיסט א י וו א נ אָ ו ־ ק אָ ז ע ל ס ק י האָט, גאַסטראָלירענדיג דאַן איינע פון זיינע וואונדערליכסטע פאָרשטעלונגען געגעבען, איך געדענק, אין סומ־באַטאָוו'ס פּיעסע „קייטען".

דער „הפקר־יונג" איז אויסער זיך פאַר באַגייסטערונג,

שפרינגט און טאנצט און פרואווט נאכמאכען קאזעלסקי'ס קול און שפילען.

מיט אמאל מאכט ער צו מיר:

— איהר ווייסט, איך בין דאך אליין שיער ניט געוואָרען אן אקטיאר, און שטעלט זיך פאר, דוקא א אידישער, אין אידישען טעאטער. יעי באגו!

און ער הויבט אן צו דערצעהלען וועגען דעם אמאליגען אידישען טעאטער און דערמאָנט ווידער אדלער'ן, וועלכער האט איהם צוגערעדט צו ווערען א אידישער אקטיאר.

זיין בעסטער פריינד איז יענער אדלער געווען.

— אט דאס איז געווען א פרעהליכער יונג, טשאָרט וואזמי!

— האט ער גערעדט מיט התפעלות אין דער רוסישער שפראך. — וואט טאלאנט, וואט ארטיסט, פראפאל, טשאָר וואזמי! א קראַסאוועץ, באזשע טי מאי! (דאס איז א טאלאנט געווען, דאס איז אן ארטיסט געווען! פארלאָרען געגאנגען, דער טייפעל זאָל עס נעמען! און א פארשוין איז ער געווען, גאט מיינער!).

אט אזוי, אומגעפעהר, האט מען אפילו אין מיינע אינגעלשע און בחור'שע יאהרען גערעדט פון אדלער'ן. אזוי האט מען איהם געדענקט.

דערפאר, גרינערהייט, ווען איך האב געוואוינט אין פילאַדעלפיע, און א לאנדסמאן האט מיך איינמאל איינגעלאדען צו געהן זעהן אדלער'ן, האט דער נאמען אדלער אויפגעוועקט אין מיין זכרון אלסדינג, וואס איך האב געהערט וועגען איהם אין דערהיים, און מיט א באזונדערען חשק בין איך געגאנגען איהם זעהן.

דאס איז, אגב, געווען דאס ערשטע מאל, וואס איך האב אידיש טעאטער געזעהן.

## .2

ווי איך האב איהם געזעהן אין גארדינ'ס „סיביריא". — דער אידישער עולם אין יענער צייט.

איך געדענק נאך קלאר יענע פארשטעלונג אין פילאדעלפיא, ווען איך האב צום ערשטען מאל איהם געזעהן.

איך געדענק אויך דעם איינדרוק, וואָס דער עולם ביי יענער פאָרשטעלונג האָט דעמאָלט אויף מיר געמאכט.

געוואוינט צו דעם רוסישען טעאטער אין דער היים און צו דעם מעהר אָדער וועניגער אינטעליגענטען עולם, וואָס האָט דעם רוסישען טעאטער באזוכט, בין איך צוטומעלט געוואָרען, ווען איך בין ארויף מיט מיין לאנדסמאַן אויף דער „גאַליארקע" פון אקאַ־דעמיע.

די גאַליאָרקע אין דער היים איז אין מיין צייט אַלע מאָל גע־ווען דער פּלאַץ פון דעם אינטעליגענטען יונגוואַרג. און דאָ?... עפּעס אַ ווילדער עולם האָט זיך געיאָגט ארויף די טרעפּ צו דער גאַליאָרקע: אידען מיט ווילדע בערד, צושפּילעטע קאָלנערס און בוזימס, מיט רעקלאַך איבער די אַקסלען, אונטער די פּאכוועס, מיט פארשוויצטע פּנים'ער (דאָס איז געווען זומער), און אידענעס מיט היימישע פּאטשיילעס און מיידלאַך מיט בחורים, און זיי אַלע זיינען געלאָפען און האָבען זיך געשטופּט און אריבערגעיאָגט איי־נער דעם אַנדערען. און יעדער און יעדע פון זיי האָט עפּעס געטראָ־גען, צי אין די הענט, צי אין די קעשענעס, אַן אָרענדזש, אַן עפּעל, אַ באַר, אַ שטיק קאווענע, אַ פּאַפּירען זעקעל מיט פּינאָטס, צי גאָר אַ היבש פּעקעל — אפשר דעם מאָלצייט אינגאנצען, וואָס מען האָט איהם קיין צייט ניט געהאט צו עסען אין דער היים...

אַ קוויטשעריי, אַ טומעל, אַ געפּילדער, אַ זידלען זיך און קולות, און די גרעבסטע ווערטער...

איך מיט מיין לאנדסמאַן זיינען צוגעגאנגען צו צוויי פּאָרער־שטע פּלעצער און האָבען זיך שוין האַלב אוועקגעזעצט אויף זיי, און מיט אַמאָל... עפּעס האָט אונז אַ הויב געטאָן און אַ שטויס געטאָן, און אונז אוועקגעקייקעלט, אַזוי ווי פּילקעס, פון אונזערע פּלעצער...

איך קוק זיך אום: ארום אַ מנין אידען, מיט בערד און אָהן בערד, קייקלען זיך דאָרט, פּלעכטענדיג זיך איינער אין דעם אנ־דערען מיט די בערד, אַקסלען און אַרעמס, אויף אונזערע צוויי

פּלעצער, וואָס יעדער פון זיי וויל פאַרכאַפּן, און ביי איינעם פון זיי שיטען זיך פּינאָטס פון אַ קעשענע...

איך העלף מיין לאַנדסמאַן זיך אויפהויבען פון דער ערד, און מיר זעצען זיך אוועק אויף די ערשטע בעסטע פּלעצער, וואָס מיר דערזעהען.

מיין לאַנדסמאַן — היינט אַ גוט באַקאַנטער דאָקטאָר אין פי־לאַדעלפיא און אין יענער צייט אַן אָרימער אַרבייטער אין אַ סי־גאַרען־פאַבריק — צעלאַכט זיך גוטמוטיג און זאָגט:

— דאָס איז דער עולם, מיט וועלכען איהר, אַנאַרכיסטען, ווילט מאַכען די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

און אַזוי ווי איך בין דעמאָלט געווען אַ פרומער אַנאַרכיסט און ער — אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, הויב איך אָן מיט איהם צו דעבאַטירען.

געהט צו צו אונז דערווייל איינער פון מיינע גענאָסען, אַ מיט־גליד פון דער דאַמאָלסדיגער אַנאַרכיסטישער גרופּע „ריטער דער פרייהייט", מיט אַ זעקעלע פּינאָטס אין די הענט, קנאַקט און שפּייט אַרויס די שאָלאַכץ אַזוי מיט'ן גאַנצען שוואונג, וואָס פאַלט אויף איהם און אַרום איהם, אויף דר'ערד, אויף מיר, אויף מיין לאַנדסמאַן און אויף אַ אידענע'ס אַ פּאַטשיילע איבער אונזערע קעפּ (אַ געניאַלער שפּייער געווען!), און ער מישט זיך אויך אַריין אין אונזער דעבאַטע...

אין אַ ווייל׳ע אַרום — אהא! דער דאָזיגער מיטגליד פון די „ריטער דער פרייהייט", מיט אַ פּינאָט אינ'ם מויל, סטראַשעט מיין לאַנדסמאַן מיט קלעפּ, ווייל ער באַליידיגט דעם אַנאַרכיזם...

קוים איהם באַרוהיגט.

דערנאָך, אַז ער האָט שוין ווידער רוהיג געקנאַקט זיינע פּי־נאָטס, האָט ער זיך מיט אַמאָל אָנגערופען צו מיר:

— איהר מיינט טאַקע, אַז מען וועט אונז ווייזען די ריכ־טיגע סיביר?

זאָג איך:

— איך קאָן ניט די פּיעסע.

מאַכט ער ווידער:

— מען האָט מיר געזאָגט, די ריכטיגע סיביר, דערפאַר בין איך דאָך געקומען אהער.

מישט זיך אריין א איד, געדענק איך, מיט א לאַכענדיגער געלער באָרד און מיט א צושפּילעטער געלער, האָריגער ברוסט:

— מיסטער, — מאַכט ער, — אודאי וועט איהר באַלד זעהן סיביר. עסט אויף אויף גיך אייערע פינאַטס, אַניט וועלען זיי ביי אייך פאַרפרוירען ווערען.

שטעהט דאָך ניט אָן מיין גענאָסע, הלמאי יענער לאַכט פון איהם, און ער ענטפערט יענעם מיט שפּאָט:

— עהע, זעה נאָר ווער עס חכמה'ט זיך! געדאַוועגט שוין היינט, געדאַוועגט, פינסטערער מוח'ל, הא?...

צולאַכט זיך דער איד אויפ'ן קול און ענטפערט איהם אָפּ צוריק:

— וואָס זייט איהר נאָך אין כעס, מיסטער? איך גיב דאָך אייך א ריכטיגע עצה. באַלד וועלען מיר זיין אין סיביר. באהאַלט אייער „נאָניע" — ווייזט ער אָן מיט א פינגער אויף זיין נאָז — איהר וועט זי נאָך, חלילה, אפּפריהרען!...

די דאָזיגע באמערקונג זיינע כאַפּט אויף אָן אנדער איד, וואָס זיצט אין דער צווייטער רייהע, און דער שרייט אויס אויפ'ן קול ווידער צו עמיצען, וועלכער זיצט דאָרט ווייט פון איהם:

— באהאַלט דיין „נאָניע", דו וועסט זי אָפּפרירען. סיביר!...

און באַלד שרייט מען פון אַלע זייטען:

— סיביר! בינד ארום די אויערען! פאַרשפּיליע דיין העמד! קוטע זיך איין! סיביר! סיביר!...

איך באמערק, ווי די אידענע מיט דער פאַטשיילע, וועלכע זיצט איבער מיר, טוליעט זיך טאַקע אין איהר היימישען טוך, הגם די היץ אויף אונזער גאַליאָרקע שטיקט ממש, און איך הער, ווי זי רעדט צו איהר שכן, אפנים איהר מאַן:

— פאַרשפּיליע זיך! דו ביזט פאַרשוויצט.

און ער פאָלגט זי דוקא אויך...

און מיט אמאָל — א טומעל הינטער אונז און פּעטש, און א געשריי:

— איך האָב באַצאָהלט א קוואָדער אזוי ווי דו! שטופּ מיך ניט, אינדיאַנער דו!...

און דאָ איז, א דאַנק גאָט, פינסטער געוואָרען אינ׳ם טעאַטער און דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען.

דער עולם האָט גענומען שרייען:

— שאַ, שטילער!

און עס איז שטיל געוואָרען.

אויף דער פינסטערער ביהנע, געדענק איך, האָט עפּעס א כאָר געזונגען א רוסיש ליד.

— קאַטאָרזשניקעס, אפשר פרייהייטס קעמפער, — האָט מיין גענאָסע ארויסגעמורמעלט, קוקענדיג מיט אויסגעגלאָצטע אויגען אויף דער פינסטערער ביהנע.

די אידענע מיט דער פּאַטשיילע איבער אונז האָט טיף ארויס־געזיפצט:

— אָי, וועה איז מיר, סיביר, א קאַטאָוועס די צרות וואָס זיינען דאָרטען! פּאַרזיננגען, נעבאָך, זייערע יסורים... עס ווערט טאַקע עפּעס קיהלער...

— שאַ, מיסעס, לאָזט הערען! — מורמעלט עמיצער נעבען איהר.

און פּלוצים — א געשריי פון דער ביהנע דורך דער טונ־קעלקייט... א געשריי פון א מענשען, ניין, פון א לייב, וואָס האָט דאָרט ערגעץ זיך ארויסגעריסען פון א שטייג, אין וועלכער ער איז פריהער געוועזען פאַרשפּאַרט!...

די מענשען ארום מיר האָבען זיך א צאַפּעל געטאָן פון דעם דאָזיגען געשריי, וועלכער האָט זיך דורכגעטראָגען, ווי א שרייענ־דיגע פייערדיגע כוואַליע...

א מענש איז דאָרט אנטלאָפען פון דער רוסישער קאַטאָרגע, און דאָס איז געוועזן זיין באַפרייאונגס־געשריי...

א געמורמעל „אדלער" האָט זיך ארום מיר דורכגעטראָגען.

איך בין געוואָרען אויפמערקזאַמער. דאָס איז זיין געשריי געוועזן, הייסט עס, פון יענעם אַדלער...

די דאָזיגע סצענע אויף דער טונקעלער ביהנע איז געווען דער פּראָלאָג פון דעם שטיק „סיביריאַ". דערנאָך האָט זיך די האַנדלונג פון דער פּיעסע אָנגעהויבען.

דער מאַן, וועלכער איז אַנטלאָפען פון קאַטאָרגע, פיהרט דערנאָך אַ זעהר אַנשטענדיג לעבען. אָבער איהם קומט אויס צו זיין אַ קאָנקורענט אין געשעפט אַן אַנדער אידען, וועלכער איז דוקא אַ פרומער, נאָר אַ גרויסער צבוע'ק און אַ מסור — מסר'ט איהם דער דאָזיגער צבוע'ק.

אַדלער שפּילט דעם דאָזיגען אידישען „זשאַן וואַלזשאַן". מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז צוגעשמידט צו איהם.

ער געפעלט מיר. אין די געדאַנקען פאַרגלייך איך איהם צו יענע רוסישע אַקטיאָרען, אַנדערע פון זיי באַריהמטע, וואָס איך האָב זיי פריהער געזעהן אויף דער רוסישער ביהנע אין מיין שטאָדט, און ער האַלט אויס דעם פאַרגלייך.

אַ מערקווירדיג־שעהנע, פּאָרנעמע געשטאַלט באַוועגט זיך מיט גרויסער ווירדע איבער דער ביהנע. אַן אָרגאַן, ווייך און בויגיג צו די פאַרשיידענע טענער. ער האָט קאַלטע, איראָנישע טענער, וואָס זיי שניידען דורך, ווי אַ שטאָלענע זעג די נשמה.

ער האָט דעם אידישען קרעכץ אין זיין קול און די אידישע טרער אין זיין זיפץ, וואָס באַוועגט זיינע צוהערער ביז צו טרערען.

ער האָט דעם צאָרן און דעם געשריי פון אַ גרויסען טעמפּעראַמענט, ווי די לאַשטענדיגקייט פון דער צאַרטער ליבע.

ער האָט אַן אויג, אין וועלכען זון און וואָלקען טונקען זיך אָפּ.

אָפט דעקלאַמירט ער. אָפט מעלאָדראַמאַטעוועט ער. אָפט פּאָזירט ער. אָבער דאָס אַלצדינג איז ביי איהם באַשטראַהלט מיט אַ באַזונדערער יום־טוב'דיגקייט, מיט אַ באַזונדערער אייגענאַרטיגער פּלאַסטישער שעהנקייט.

די שעהנקייט, די יום־טוב'דיגקייט, דאָס איז דער הויפּט־שטריך פון זיין טאַלאַנט.

דורך צוויי הויפט־טירען — וואָלט איך געזאָגט — גנב'עט ער זיך אַריין צום צושויער אין דער נשמה: דורך' דער אויג־טיר און דורך דער הארץ־טיר...

איך וויל ניט זאָגען, אַז שוין דעמאָלט, ווען איך האָב איהם צום ערשטען מאָל געזעהן אין „סיביריא", האָב איך איהם אַזוי אָפּגעשאַצט. גיכער איז, אַז דער איינדרוק, וואָס איך האָב דע־מאָלט פון זיין שפּילען ארויסגעטראָגען, באַלייכט איך היינט מיט די איינדרוקען, וואָס זיין שפּילען אין די אַלע שפּעטערע יאָהרען האָט אויף מיר געמאַכט. אָבער דאָס איז מיין איינדרוק פון זיין טאַלאַנט, וועלכען איך האָב אין משך פון אַ פערטעל־יאָהרהונדערט נאָהענט געקאָנט.

די הויפּט־קראַפט פון זיין טאַלאַנט, חוץ דעם גרויסען טעמ־פעראַמענט, איז געווען די יום־טוב'דיגקייט, די דעקאָראַטיווע, פּלאַסטישע שעהנקייט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַהלט פון זיין יע־דען טאָן, זיין יעדען בליק און זיין יעדען זשעסט.

דאָס איז געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון איהם און נאָר פון איהם אַליין, וואָס קיין אַנדער אַקטיאָר קאָן ניט נאָכמאַכען, ווי מען האָט ניט געקאָנט נאָכמאַכען מאָגולעסקאָ'ס שמייכעל...

נאָך יענער פאָרשטעלונג, געדענק איך, זיינען אַ סך פון דעם עולם געבליבען ניט צופרידען. זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז מען האָט זיי אָפּגענאַרט. מען האָט זיי געזאָלט ווייזען סיביר און מען האָט זיי דאָס ניט געוויזען...

חוץ דעם פּובליקום, דערמאָן איך זיך, האָט אַ שלעכטען איינ־דרוק אויף מיר געמאַכט דאָס, וואָס אַנדערע פון די אַקטיאָרען האָבען זיך דורכגערעדט מיט דעם פּובליקום פון דער ביהנע אַרונ־טער און דער שרעקליכער מיש־מאַש פון דער שפּראַך.

א סליעדאָוואַטעל האָט דאָרט געשפּילט, האָט ער גערעדט אַ מין דייטש אויף דעם פּתח־שטייגער; אַדלער האָט אין זיין אידיש אָפּט אַריינגעוואָרפען גאַנצע רוסישע פראַזען, און די אַנדערע האָ־בען גערעדט אַ מין שמענדריק־שפּראַך...

דאָס איז נאָך געווען אין סאַמע אָנהויב פון גאָרדינ'ס טעטיג־

קייט אויף דער אידישער ביהנע, גאָר אין דער ערשטער צייט, ווען ער האָט זיך באַוויזען צווישען די אידישע אַקטיאָרען און זיי גענומען ערשט ערציהען, לערנען מיט זיי און וועקען אין זיי דעם קינסטלער־שטאָלץ און די קינסטלער־כחות, און גענומען שאַפען אויך אַ טעאַטער־עולם.

ביי יענער פאָרשטעלונג, ווען איך האָב צום ערשטען מאָל געזעהן אַדלער'ן, האָט זיך מיר אפילו ניט גע'חלומ'ט, אַז איך וועל זיך אַמאָל מיט איהם באַקאָנען נעהענטער.

## 3.

**זיינע צעטעלאַך מיט'ן „סוואָבאָדני ווכאָד" און ווי אַזוי ער האָט באַשטעלט פּיעסען ביי אינטעליגענטען.**

אויף דער בויערי, צווישען גרענד און ברום סטריט, דאַכט זיך, איז דאַן געשטאַנען אַ קליין טעאַטערל. דאָרט האָט אַדלער געשפּילט און דאָרט האָב איך זיך מיט איהם באַקאָנט.

דאָס טעאַטערל — אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָט גע־טראַגען זיין נאָמען.

און איך געדענק קלאָר, אַז צווישען די אַקטיאָרען, וואָס האָבען דאָרט געשפּילט, זיינען געווען מאָשקאָוויץ, מאַקס ראָזענטאַל און דער פאַרשטאָרבענער טאָרנבערג.

דאָס דאָזיגע טעאַטערל איז געווען די היים פון דער בעסערער פּיעסע, און אַ העלפט פון זיינע באַזוכער איז כמעט שטענדיג באַ־שטאַנען פון אונזערע אינטעליגענטען, וועלכע זיינען אַהין געקומען מיט אַדלער'ס צעטעלאַך — „סוואָבאָדני ווכאָד" (פרייער אריינ־גאַנג), וואָס אַדלער האָט אַ טבע געהאַט זיי צו געבען צו יעדען אינטעליגענט, דאָס הייסט צו יעדען איינעם, וואָס האָט גערעדט רוסיש...

האָט אַדלער געטראָפען אַן אינטעליגענט, דאָס הייסט איינעם וועלכער האָט גערעדט רוסיש — וואָס דאָס איז געווען דער הויפּט־סימן פון אינטעליגענטסטוואָ ביי איהם — האָט ער גלייך יענעם פאָרגעלעגט אַ פרייען „פּעס" אין זיין טעאַטער.

„גאָלובטשיק, פּריכאַדיטיע וו'מאַי טעאַטער. וואָס וואס סוואָבאָדני ווכאָד" (קומט, טייערינקער, אין מיין טעאַטער. איך גיב אייך א פרייען אריינגאנג), האָט ער זיך ביי יענעם כמעט גע־בעטען מיט א הארציגען, ווארימען טאָן, און אלע מאָל אין דער רוסישער שפּראַך, און גלייך אָנגעשריבען מיט גרויסע רוסישע בוכשטאַבען אויף א שטיקעל פּאַפּיר די ווערטער: „סוואָבאָדני ווכאָד" און אויסגעצוקט אונטער דעם זיין י. פּ. אדלער...

האָט מען אין זיין טעאַטערל דערפאַר, און אויך מחמת מען האָט דאָרט ס'רוב אויפגעשטעלט גאָרדינ'ס פּיעסען — שטענדיג געקאָנט זעהן די דאַמאָלסטדיגע אינטעליגענץ פון אונזער אידישען קווארטאל און צווישען די אקטען האָט מען דאָרט געהערט די רוסישע שפּראַך, אזוי ווי אין א רוסישען טעאַטער.

חוץ דעם, האָט אדלער געהאַט א טבע, ווען ער האָט געטראָפען אזא אינטעליגענט, צו באַשטעלען ביי איהם א פּיעסע פאַר זיך.

האָט נאָר איינער רוסיש גערעדט, און ווער שמועסט נאָך, אז יענער האָט געטראָגען דעם טיטול „דאָקטאָר", האָט איהם אדלער באַלד פאָרגעלייגט:

„נאַפּישיטיע פּיעסו דליאַ מעניאַ" (שרייבט אָן א פּיעסע פאַר מיר).

צי האָט ער טאַקע געגלויבט, אז יעדער אינטעליגענטער מענש קאָן אָנשרייבען א פּיעסע, צי ער האָט גלאַט הנאה געהאַט פון דעם, וואָס יענער וועט זיך אומזיסט ברעכען דעם קאָפּ — דאָס וויים איך ניט. איך געדענק אָבער, אז היבשע עטליכע מענשען פון די אינטעליגענטען האָבען זיך דעמאָלט ארומגעטראָגען מיט פּיעסען אין די בוזים־קעשענעס, סיי אָריגינעלע און סיי איבערגעארבייטע פון א רוסישען ביכעל, אויף דער באַשטעלונג פון אדלער'ן.

אין יענע הונגער־יאָהרען זיינען די פּופּציג דאָלאַר, וואָס אדלער האָט פאַר אזא פּיעסע צוגעזאָגט, געווען א גרויסע און זעהר נויטיגע מטבע און מענשען האָבען געפּרואווט מזל.

און שטענדיג נאָך אזא „קאָמערציע" איז אדלער געווען פאַר־נומען מיט „קאָורטס" און מיט אדוואָקאַטען, האָט געצאָהלט דעם

שרייבער און געצאָהלט זיין אַדוואָקאַט, און, צום סוף, ווידער גע־טאָן זיינס: האָט ער געטראָפען איינעם, וואָס האָט גערעדט רוסיש, האָט ער איהם גלייך פאָרגעלעגט זיין צעטעלע מיט דעם „סוואָבאָדני װכאָד" און ביי איהם זיין באַשטעלונג געמאַכט:

„נאַפּישיטיע פּיעסו דליאַ מעניאַ!"...

אַגב, איז ער ניט געוועזען דער איינציגער אין'ם אידישען טע־אַטער, וואָס האָט אויף אַזאַ אופן באַשטעלט פּיעסען ביי דעם ערשטען בעסטען אינטעליגענט. איך וואָלט געקאָנט אָנרופען נעמען פון לעקטאָרס און סתם דאָקטוירים צווישען אונזער אינ־טעליגענץ, וואָס דער אָדער יענער דירעקטאָר פון אידישען טע־אַטער, צי הויפּט־אַקטיאָר, האָט זיי פאָרגעלעגט צו שרייבען פּיעסען.

ערשט די טעג דערצעהלט מיר אַ באַקאַנטער סאָציאַליסטישער לעקטאָר און שרייבער, וואָס זיין ספּעציאַליטעט זיינען פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פראַגען, ווי איינמאָל איז צו איהם געקומען אַ גע־וויסער דירעקטאָר פון אַן אידישען טעאַטער און איהם פאָרגעלעגט:

— שרייבט אָן אַ פּיעסע פאַר מיין טעאַטער.

האָט דער שרייבער אין שפּאַס געענטפערט:

— גוט, איך האָב אַ פיינע טעמע פאַר אַ פּיעסע: „פון אור־טאָפּיע ביז קאַרל מאַרקס"...

דער דירעקטאָר האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— קאַרל מאַרקס? אַי! אָט דאָס איז אַ טעמע. שרייבט. איך מאַך מיט אייך גלייך אַ קאָנטראַקט. און זאָל די פּיעסע טאַקע הייסען: „קאַרל מאַרקס". דער נאָמען איז אַ גוואַלדאָוונער פאַר דעם עולם...

פון דעם קאָן מען פאַרשטעהן, אַז אין דעם אידישען טעאַטער איז פּיעסען־שרייבעריי ניט פאַררעכענט געוועזען פאַר אַ באַזונ־דערער קונסט (היינט, אגב, נאָך וועניגער!).

אָבער צוריק צו יענעם קליינעם טעאַטערל:

געה איך אַמאָל אַהין מיט אַ פריינד. איך געדענק ניט קלאָר, וואָס פאַר אַ פּיעסע מען האָט אין יענעם אָוונט דאָרט געשפּילט. איך דערמאָן זיך אָבער קלאָר, אַז אַדלער, אַ בלאָנדער, גראַציעזער,

אומגעוועהנליך שעהנער יונגערמאַן, איז דאָרט אָנגעקומען אינ׳ם ערשטען אַקט אויף א „בייסיקעל״.

און, מערקווירדיג, נאָר דאָס בילד פון אדלער׳ן אויפ׳ן ביי־סיקעל האָט זיך אין מיין זכרון אפגעשטעלט פון יענער גאנצער פאָרשטעלונג !...

דערפאַר אָבער געדענק איך קלאָר א סצענע נאָך יענער פאָר־שטעלונג :

מיין פריינד האָט מיך אריינגעפיהרט צו אדלער׳ן אין גאַר־דעראָב־צימער. איך האָב איהם פערזענליך נאָך ניט געקאָנט.

ער איז געזעסען ביים שפיגעל און האָט זיך געפוצט.

איך דערמאָן זיך, ווי איך האָב די אויגען ניט געקאָנט אָפּ־רייסען פון דעם פנים, וועלכער האָט זיך א קער געטאָן צו אונז מיט א ברוך־הבא שמייכעל, בעת מיר זיינען אריין צו איהם אין גאַרדעראָב־צימער — א פנים, איינער צווישען מיליאָנען, וואָס די נאַטור האָט ווי באַשאפען, ווען זי האָט געוואָלט ווייזען א מוסטער פון איהר אמת׳ער שעהנקייט.

א ווייכע, צאַרטע, כמעט ווייבערשע שעהנקייט, איז דאָס גע־ווען, וועלכע האָט אויף זיין פנים גע׳כישופ׳ט, אָהן א סימן אפילו פון יענער ברוטאַלער, בלוט־רויטער שעהנקייט פון די אַנדערע אונזערע אַקטיאָרען, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען באַריהמט אַלס שעהנע מענער. און מיט זיין בליק און זיין שמייכעל האָט ער זיך ממש אין הארצען גע׳גנב׳עט.

און האָט ער זיך דערנאָך אויפגעהויבען פונ׳ם אָרט און מיט א באַזונדערער עלאַסטישקייט זיך א ציה געטאָן אין זיין גאַנצען הויכען און שלאַנקען וואוקס, האָט ער באמת אויסגעזעהן, ווי אונ־זערע מאַמעס וואָלטען געזאָגט, א ריכטיגער „מאָנאַרכע״...

„מילאָסטי פּראָסים, גאָספּאָדאַ !״ — האָט ער אונז אויפגע־נומען אויפ׳ן רוסישען שטייגער מיט די דאָזיגע ווערטער, געדענק איך. און אין א וויילע שפּעטער האָט ער שוין פאַר מיר אָנגע־שריבען זיין „סוואָבאָדני וכאָד״ און אונטער דעם אויסגעצוקט זיין י. פּ. אדלער.

און נאָך אין א ווײַלע אַרום האָב איך שוין פון איהם געהערט:
„נאַפּישיטיע פּיעסו דליאַ מעניאַ"...

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען איך האָב „געפּעדעלט" מיט מיין פּיעסע „מינא" איבער די טעאַטערס און קיינער האָט זי ניט געוואָלט לייענען. האָב איך איהם דערצעהלט, אַז איך האָב א פּיעסע, האָט ער מיר געהייסען זי ברענגען.

ברענג איך זי איהם אויף מאָרגען. נעמט ער זי צו און הייסט מיר קומען אין א וואָך אַרום. ביז צו יענער צייט ווערט ער זי האָבען איבערגעלייענט.

מילא, האָט ער מיין טרחה ניט געזשאַלעוועט. איך בין גע־קומען אין א וואָך אַרום און אין צוויי, און אין א חודש אַרום — ער האָט נאָך מיין פּיעסע ניט איבערגעלייענט, ער האָט קיין צייט ניט געהאַט. דערפאַר אָבער האָט ער מיר, יעדעס מאָל, ווען איך בין צו איהם געקומען, פאָרגעלעגט א „סוואָבאָדני וכאָד" אין זיין טעאַטער.

און אַז אַנדערש מאָל, ווען איך בין צו איהם געקומען, האָט ער מיך אוועקגעזעצט נעבען זיך און מיר דערצעהלט א מעשה...

און איך מוז זאָגען, אַז דעמאָלט האָב איך פאַרגעסען אָן מיין פּיעסע און אָן די קריוודעס, וואָס איך האָב צו איהם געהאַט, הלמאי ער לאָזט מיך לויפען אַזוי לאַנג נאָך מיין פּיעסע...

וואָרים דערצעהלט האָט ער וואונדערליך א מעשה, ציי אַן אַנעקדאָט, מאַלעריש און מיט אמת'ן געזונטען און נאָך אָפטער מיט שטיפערישען הומאָר.

האָט ער דערצעהלט וועגען א פּערזאָן, האָט זי אויפגעלעבט פאַר אייך סיי מיט איהר קול, סיי מיט איהר גאַנג און האַלטונג, מיט יעדער האוואַיע און מינע, און, דער עיקר, אין אַזא קאָמישען ליכט, אַז איהר האָט זיך געקייקעלט פאַר געלעכטער.

ס'רוב האָט ער דערצעהלט וועגען טעאַטער מענשען, וועגען אַקטיאָרען, פאַרפאַסער און אַמאָל וועגען זיך אַליין.

זיך אַליין האָט ער אויך ניט געשאַנעוועט, ווען ער האָט דער־צעהלט א מעשה. ער האָט הנאה געהאַט צו דערצעהלען וועגען

זיינע אייגענע „שטיפערייען״, אמאָל בייזע, אמת טייפעלשע, און פאַר הנאה האָט ער גאַרניט געפיהלט ווי אזוי ער קיבעצט אריין זיך אליין.

איינמאָל, ווען איך בין צו איהם געקומען, דערלאַנגט ער מיר מיין פיעסע און זאָגט מיר:

— אזא פיעסע קאָן מען ניט אויפפיהרען. פע!...

פרעג איך איהם: — פאַרוואָס?

— שמוציג. ניט מאָראַליש. מאַמע און טאָכטער ליבען זיך אין איין מאַן. קיין אַקטריסע וועט ניט וועלען שפּילען אזא אויס־געלאַסענע מוטער...

וויל איך שוין אוועקגעהן, שטעלט ער מיך אָפּ.

— שרייבט אָן עפּעס א ראָלע פאַר מיר, — מאַכט ער. — איהר האָט הומאָר. פאַר מיר אָבער שרייבט אָן א דראַמאַטישע ראָלע.

איך דערמאָן זיך, ווען איך האָב איהם דעמאָלט באַמערקט, אז דער מאַן אין מיין פיעסע „מינא״, שיינט מיר, איז אויך א דראַמאַטישע ראָל, האָט ער מיר אויף דעם אומגעפער געענטפערט:

— פע, איך האָב איהם פיינט. שרייבט אָן פאַר מיר עפּעס א שעהנעם מענשען, וואָס מען זאָל איהם ליב האָבען.

און צום סוף האָט ער מיר דעמאָלט פאָרגעלעגט, אז איך זאָל פאַר איהם איבעראַרבייטען עפּעס א רוסישע פּיעסע, וועלכע ער האָט ארויסגעשלעפּט פון א קעשענע און מיר דערלאַנגט.

איך ווייס ניט, אויב יענע „איבעראַרבייטונג״ מיינע איז גע־ווען א געלונגענע צי ניט, איך געדענק אָבער, אז זי האָט זיך פאַר מיר גאָרניט געלוינט...

דערנאָך האָב איך איהם מעהר ניט געזעהן, ביז ער האָט ניט אויפגעפיהרט א פּאָר יאָהר שפּעטער טאַקע די אייגענע פּיעסע „מינא״ אינ׳ם ווינדזאָר טעאַטער, — וואָס וועגען דעם האָב איך געשריבען אין איינעם פון מיינע פריהערדיגע קאַפּיטלען, אין וועלכע איך האָב געפּרואווט כאַראַקטעריזירען יעקב גאָרדינ׳ען.

און שפּעטער האָב איך איהם נאָך נעהענטער דערקאָנט, ווען

ער האָט אויפגעפיהרט אינ'ם פּיפּעלס טעאטער מיין פּיעסע „סאָניא פון איסט בראָדוויי", אָדער ווי ער האָט זי אָנגערופען: „נאטור, מענש און חיה".

4.

ווי אזוי און פארוואס ער האָט „געפיקסט" אָדער אויסגעבעסערט פּיעסען.

מיט מיין פּיעסע „סאָניא פון איסט בראָדוויי" האָט אדלער אין דעם סעזאָן פון 1900 געזאָלט עפענען פּיפּעלס טעאטער.

דאָס האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט צו באַקאָנען זיך מיט איהם נעהענטער.

אין יענעם טעאטער האָט מען געשפּילט צווייערליי פּיעסען: ער — אדלער — די בעסערע, און זיין פּארטנער — טאָמאַשעווסקי — די אָפּערעטקעס און די ביליגע מעלאָדראַמעס.

יעדער פון זיי האָט געהאַט זיין באַזונדערען עולם, זיין באַזונדער אמביציע, אויף אַ באַזונדערען אופן באריהמט געווען און זיינע באַזונדערע „פּאַטריאָטען" געהאַט.

זייביידע האָבען זעלטען צוזאַמען געשפּילט אין איין פּיעסע, סיידען אמאָל אין אַ ספּעציעלער פאָרשטעלונג.

אָבער אין דער דאָזיגער פּיעסע מיינער האָבען זיי ביידע געשפּילט.

ווייל זיי האָבען קאָנקורירט מיט דער טהאַליע טעאַטער קאָמפּאַניע.

דאָס איז געווען אַ קאָנקורענץ פון די בעסטע קרעפטען פון דער אידישער ביהנע, אין דער פריהלינגס עפּאָכע פון אונזער אַ מ אָ ל י ג ע ן אידישען טעאטער...

טהאַליע טעאטער האָט זיך געזאָלט עפענען מיט אַ קאָמפּאַניע אַרטיסטען און אַרטיסטקעס, צווישען וועלכע עס זיינען געווען: ק ע ס ל ע ר, פ י י נ מ אַ ן, מ אָ ש ק אָ ו ו י ט ש און ט אָ ־ ר ע נ ב ע ר ג; מאַדאַם ק אַ ל י ש, מאַדאַם אַ ב ר אַ מ אָ ־ ו ו י ט ש, מאַדאַם פ י י נ מ אַ ן און מאַדאַם ו ו י ל ע נ ס ק י.

האָט פּיפּעלס טעאטער געגען זיי אַרויסגעשטעלט אַזעלכע

קרעפטען, ווי: אדלער, מאָגולעסקאָ, טאָמאַשעווסקי, מאַקס ראָזענטאַל, מאַדאַם אדלער, בעסי טאָמאַשעווסקי און מאַדאַם פּאולינא עדעלשטיין.

טהאַליע טעאַטער האָט אַנאָנסירט אַ נייע פּיעסע פון גאָרדינ׳ען מיט אַ טשיקאַווען נאָמען: „גאָט, מענש און טייפעל“, האָט פּיפּעלס טעאַטער אויך אַנאָנסירט מיין פּיעסע: „סאָניא פון איסט בראָדוויי“ כמעט אונטער דעם אייגענעם טשיקאַווען נאָמען: „נאַטור, מענש און חיה“.

געענדערט „גאָט“ אויף „נאַטור“, „טייפעל“ אויף „חיה“, און די נייע פּיעסע פון פּיפּעלס טעאַטער האָט ניט געדאַרפט אַראָפּפאַלען ביי זיך מיט איהר נאָמען געגען דער נייער פּיעסע אינ׳ם טהאַליע טעאַטער.

איך האָב געפּרוּאווט טענה׳ן, אַז דער נאָמען: „סאָניא פון איסט בראָדוויי“ איז אַ שעהנערער פאַר מיין פּיעסע און פּאַסט זיך מעהר פאַר איהר, האָט אַדלער מיר געענטפערט:

— וואָס הייסט „סאָניא“? מיר שפּילען דאָך אַלע!...

אין „גאָט, מענש און טייפעל“ זיינען אויפגעטראָטען אַלע שטערען פון טהאַליע טעאַטער קאָמפּאַניע, זיינען דערפאַר אַלע שטערען פון פּיפּעלס טעאַטער קאָמפּאַניע אויך אויפגעטראָטען אין „נאַטור, מענש און חיה“ — טאָמאַשעווסקי אויך...

אַגב, אַ גרוס פון יענער צייט און פון יענער פּיעסע האָב איך ערשט מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק געהאַט ביי טאָמאַשעווסקי׳ן אויפ׳ן זומער־פּלאַץ אין האָנטער, וואו איך בין געווען ביי איהם עטליכע טעג צו גאַסט.

איינמאָל אין דער פריה דערזעה איך איהם אַ אַ רויט־קאָלירטען שלאָפראָק, מיט גאָלדענע קוויטען.

דער שלאָפראָק וואַרפט זיך מיר עפּעס באַזונדערס אין די אויגען און וועקט עפּעס אין מיר. אָט אַזוי ווי אַ פּנים, וועלכער האָט אַמאָל, שוין לאַנג־לאַנג, אויף אייך אַן איינדרוק געמאַכט ביי באַזונדערע אומשטענדען און אַז איהר טרעפט איהם דערנאָך ווי־

דער אין יאָהרען שפּעטער, פאַרכאַפּט ער אייער אויג און אייער אויפמערקזאמקייט, וועקט אין אייך אַן עכאָ פון עפּעס — צי פון אַן איינדרוק, צי פון אַן איבערלעבעניש — וואָס האָט שוין לאַנג אין אייך איינגעדרימעלט, הגם אויף דער ערשטער מינוט קאָנט איהר זיך ניט קלאָר אָריענטירען, וואו און ווען איהר האָט דעם פּנים געזעהן און אַן וואָס ער דערמאָנט אייך.

מיט אַמאָל טוט אַ שוועב פאַר מיינע אויגען אַ סצענע אינ׳ם פּיפּעלס טעאַטער פון פאַר צוויי־און־צוואַנציג יאָהר צוריק, און עס רייסט זיך אַרויס ביי מיר אַ „העלאָ” צו דעם שלאָפּראָק מיט די גאָלדענע קווייטען, וואָס טאָמאַשעווסקי טראָגט אויף זיך...

דעם דאָזיגען שלאָפּראָק האָט טאָמאַשעווסקי דאַן ספּעציעל באַשטעלט פאַר זיין ראָל אין „נאַטור, מענש און חיה”.

דער שלאָפּראָק, מיט זיין גרעלען, רויטען קאָליר און גאָלדענע קווייטען, האָט אפשר ניט געפּאַסט פאַר דעם אינטעליגענטען מענשען, דעם פריהערדיגען רוסישען רעוואָלוציאָנער, וואָס טאָמאַשעווסקי האָט אין יענער פּיעסע געשפּילט; ער האָט אָבער דערפאַר זעהר געפּאַסט פאַר איהם אַליין, דעם דאַמאָלסטדיגען אַפּאָלאָ פון דער אידישער ביהנע, מיט די פּעך־שוואַרצע האָר און די שוואַרצע לאַסטשענדיגע אויגען, וואָס האָבען זיך ווי געגרויכערט מיט ווייריך פון ליבע, פון וועלכען אַזוי פיל ווייבערשע קעפּלאַך זיינען פאַרטשאַדעט געוואָרען... (אַך, אַלטער פריינד טאָמאַשעווסקי, אַ לאַטיינישער פּסוק האָט שוין לאַנג וועגען דעם געדרשנ׳ט: „סיק טראַנזיט גלאָרי מונדי!” אַזוי, הייסט עס, געהט אונטער דער רוהם פון דער וועלט!)

די סצענע, וואָס דער שלאָפּראָק האָט מיר דערמאָנט, בעת איך האָב איהם דערזעהן אויף טאָמאַשעווסקי׳ן אין האָנטער, איז געווען איינע פון די בעסטע געשפּילטע אין דער גאַנצער פּיעסע, דורכגעפיהרט פון אַדלער׳ן און טאָמאַשעווסקי׳ן אַזוי קינסטלעריש און מיט אַזוי פיל הומאָר, אַז איך האָב זיי קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרגעסען.

איך צורעד זיך מיט טאָמאַשעווסקי׳ן וועגען יענער צייט און

יענער פּיעסע, און מיט בײנקעניש אין זיינע אויגען און אין זיין שמייכעל קוקט ער מיך אָן. דערנאָך מאַכט ער צו מיר:

— שוין באַלד צוויי־און־צוואַנציג יאָהר... נו?

— נו!...

דאַן צולאַכט ער זיך מיט אַמאָל אויף זיין באַזונדערען זאָרג־לאָזען אופן:

— נו, וועמען אַרט עס?...

דער גליקליכער מענש בײנקט שוין ניט מעהר. ער רעדט שוין מיט מיר וועגען זיין שטיבעלע, וואָס ער האָט אויפגעבויט צווישען די בוימער אין וואַלד, און שלעפּט מיך אַהין...

אָבער צוריק צו אַדלער׳ן און יענער פּיעסע:

יענע פּיעסע האָט אַדלער רעזשיסירט.

ער האָט געהאַט אַ גרויסע פּעדער (אַך, זיין פּעדער!) און גאָר אַ גרויסען חשק האָט ער געהאַט צו „פּיקסען" די פּיעסען, וואָס ער האָט זיי געזאָלט אויפפיהרען.

איז ער דאַן גאַנצע נעכט אָפּגעזעסען ביי זיך אין דער היים מיט זיין גרויסער פּעדער איבער גרויסע בויגענס פּאַפּיר און האָט געוואָרפען אויף זיי זיינע גרויסע געצוקטע און שפּיציגע בוכ־שטאַבען און ער האָט אויף אַזאַ אופן געפּוצט און פאַרשעהנערט די שפּראַך פון דער פּיעסע און דעם אינהאַלט באַצירט מיט „לעמפּלאַך"...

ער האָט ליב געהאַט שעהנקייט אויף דער ביהנע, העלקייט, לעמפּלאַך און ליכט, און „ספּאָט לייטס" (פּראָזשעקטאָרס), און אַ שעהנע שפּראַך, נאַטירליך ווי ער האָט פאַרשטאַנען, און דעם פּאַטאָס־געשריי אונטער דער באַגלייטונג פון די קרעכצענדע פידלען און פלייטען אינ׳ם אָרקעסטער...

אינ׳ם לעבען און הינטער די קוליסען האָט ער אַמאָל דוקא ניט באַנוצט דעם שעהנסטען אויסדרוק און די שעהנסטע שפּראַך, אָבער אויף דער ביהנע האָט ער כמעט שטענדיג זיך געוויזען וואָס מעהר יום־טוב׳דיג און וואָס מעהר אימפּאָזאַנט, סיי אין זיין אויס־זעהן און סיי אין זיין שפּראַך.

אזוי ווי דער פאָרהאנג פון דער ביהנע איז פאַר איהם געווען א מחיצה צווישען וואָך און יום־טוב, צווישען גאַס און טעמפעל...

אין גאַס איז ער געווען אַן אַנדערער, אַ וואָכעדיגער; איז ער אָבער אריבערגעטראָטען די שוועל פון דער ביהנע, ווען דער פאָרהאנג איז געווען אויפגעהויבען, איז ער ווידער אַן אַנדערער געווען: אַ הערליכע געשטאַלט פון אַ פּריסטער האָט דאַן אין זיין טעמפעל אַ הייליגע עבודה אָפּגעריכט...

דערפאַר האָט ער געזוכט דאָס שעהנע וואָרט אין אַ פּיעסע. דערפאַר האָט ער אָפט דעם נאַטירליכען און לעבעדיגען דיאַלאָג אויסגעשטראָכען, ווען ער האָט זיך אויסגעוויזען איהם ניט שעהן; און דערפאַר האָט ער געוואָלט, אַז אפילו די נעמען פון די העלדען פון אַ פּיעסע זאָלען זיין שעהנע, וויינינגסטענס, זיך אָנהויבען מיט „ראָז” און ענדיגען זיך מיט „קראַנץ”...

דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם שעהנהייטס־גע־פיהל פון אונזער אַלטען קינסטלער.

און מחמת דעם האָט ער אַמאָל צוגעריכט אַזוי אַ פּיעסע, אַז זי האָט אונטער זיין גרויסער פען פאַרלאָרען אינגאַנצען איהר אָריגינעלען אויסזעהן.

איך דערמאָן זיך, למשל: איינמאָל האָט ער מיינע אַ פּיעסע אַזוי צוגעריכט, אַז איך האָב זי גאַרניט דערקאַנט. אַפּילו די נעמען פון די העלדען פון דער פּיעסע האָט ער געענדערט.

אויף מיין גליק, האָט מיין פּיעסע אַלכסנדר האַרקאַווי פריהער געלייענט. מאַך איך אָפּ מיט אַדלער'ן, אַז מיר זאָלען זיך פאַר־לאָזען אויף האַרקאַווי'ן, מיר וועלען הערען, וואָס ער, אַ זייטיגער מענש, וועט זאָגען ווענען דיביידע טעקסטען פון דער פּיעסע.

ווען האַרקאַווי האָט אויסגעהערט אַדלער'ס פּיעסע, האָט ער זיך אָנגערופען מיט זיין געוועהנליכער עהרליכער אָפענהערציגקייט:

— איך מוז אייך זאָגען, הער אַדלער, אַז אייער טעקסט איז ניט גאָר קיין געלונגענע איבערזעצונג פון דעם אָריגינעלען...

און יענע פּיעסע האָט אַדלער ניט געשפּילט, מחמת די שפּראַך איז ניט געווען שעהן נאָך זיין געשמאַק...

די פּיעסע „נאטור, מענש און חיה" האָט אדלער דוקא ניט געטשעפּעט, חוץ וואָס ער האָט אַ גאַנצען נייעם אַקט, ד ע ם פ ע ר ט ע ן, צוגעשריבען...

איך האָב זיך וועגען דעם געכאַפּט ערשט ביי דער פּרעמיער־פאָרשטעלונג.

אויף מיין „סטייטש" האָט אדלער מיר ערקלערט, אז דער פערטער אקט איז פארלאָרען געגאַנגען — צי האָט איהם עמיצער גע'גנב'עט, צי מייז האָבען איהם גאָר פארשלעפּט, — האָט ער אַליין אָנגעשריבען אַ פערטען אקט...

דערפאַר, ווי וואונדערליך ער האָט געשפּילט זיין ראָל אין יענער פּיעסע.

אַ רייכען היגען געשעפּטסמאַן האָט ער געשפּילט, וועלכער איז פריהער געווען אין מאָסקווע אַ רייכער סוחר. ער איז קאָמיש און ערנסט. פרייגיביג און פראַקטיש. נאָכגיביג און פאַר־עקשנ'ט. פאַרשטעהט אזוי גוט די וועלט און אזוי וועניג זיין אייגענע טאָכטער.

און די דאָזיגע אַלע זייטען פון זיין כאַראקטער האָט אדלער ארויסגעבראַכט אויף זיין באַזונדערען שטייגער, אין זיין אייגענ־ארטיגען סטיל.

אדלער האָט געהאַט זיין אייגענאַרטיגען סטיל, ווי יעדער אמת'ער קינסטלער. טאַלאַנטירטע אַקטיאָרען האָבען אויך זייער סטיל, ווי טאַלאַנטירטע שרייבער און ווי אנדערע טאַלאַנטירטע קינסטלער.

וואָס סטיל איז — איז שווער צו באַשטימען, ווי עס איז שווער צו באַשטימען, וואָס נשמה איז, וואָס טאַלאַנט איז.

סטיל — האָט אמאָל, איך געדענק ניט, ווער דאָס האָט געזאָגט — דאָס איז לופט; דאָס איז אַטמאָספערע; מען זעהט עס ניט, מען פיהלט עס אָבער...

אדלער האָט שטענדיג געשאַפען ארום זיך אַן אַטמאָספערע אויף דער ביהנע, וואָס איז געווען זיינס, אַ טייל פון איהם און גאָר פון איהם.

וויפיל מאָל איך האָב איהם געזעהן, אזוי פיל מאָל האָב איך דאָס געפיהלט.

אָן זיין סטיל האָט מען איהם אלע מאָל געקאָנט דערקאָנען און אָן איהם — זיין סטיל.

ער האָט געהאט ז י י ן שמייכעל, ז י י ן קול, ז י י ן באַטאָנונג און באזונדערס יענע פּלאַסטישע, כמעט קלאַסישע שעהנקייט, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אין יעדען טאָן, מינע און זשעסט זיינעם, וואָס האָט געטראָגען אויף זיך דעם פון דער נאטור אַליין אויסגעגאָסענעם שטעמפּעל: „אדלער"...

נאָך מיין מיינונג, איז ער, ווי די פארשטאָרבענע ליפּצין, ווי געבאָרען געוואָרען צו שפּילען ראָלען פון די קלאַסישע העלדען.

מיר ווייזט זיך אוים, אז ער וואָלט געווען דער אידעאַלער ארטיסט צו שפּילען דעם קלאַסישען „קעניג עדיפּוס"...

## 5.

ווי אזוי ער האָט באַ'כשופ'ט מענשען. — ווי איזאדאָרא דאָנקען, די וועלט־באריהמטע טענצערין, האָט א צייט לאנג זיין כשוף אויף זיך געפיהלט.

אדלער האָט מעהר פּאַרעהרער, איידער וועלכער ניט איז אַנדערער אידישער אַקטיאָר האָט אַמאָל געהאַט.

זיין ערשיינונג אַליין האָט אַלעמאָל באוואונדערונג געוועקט.

א מענש מיט אַזאַ פיגור, מיט אַזאַ פּנים, מיט אַזאַ קאָפּ, מיט אַזאַ בליק און שמייכעל, מיט אַזאַ האַלטונג אויף דער ביהנע, האָט געמוזט באַ'כשופ'ען מענשען, ווען ער זאָל אפילו זיין ניט אַזאַ גרויסער אַקטיאָר.

בייראָן האָט אַמאָל ערגעץ באַזונגען די מוזיק פון א פרוי'ס אויגען. אזוי וואָלט אַן אַנדער דיכטער געקאָנט באַזינגען, נאָך מיין מיינונג, די מוזיק פון אדלער'ס גאַנצער געשטאַלט.

ניט אומזיסט האָט ערשט פאַר עטליכע יאָהרען די וועלט־באַריהמטע טענצערין א י ז א ד א ָ ר א ד א ָ נ ק ע ן זיך אזוי פאַר־ליבט אין איהם, אַז א צייט לאַנג האָט זי ניט דורכגעלאָזט קיין

איין פאַרשטעלונג זיינע, און האָט עפענטליך איהר באגייסטערונג פאַר איהם אַרויסגעוויזען, קושענדיג איהם פאַר דעם פובליקום.

ווי מען האָט מיר דערצעהלט, האָט זי דאַן ערקלערט, אַז אין אַדלער'ן האָט זיך פאַר איהר אנטפּלעקט די אַלטע גריכישע שעהנ־קייט אין איהר העכסטער מדרגה...

דאָס איז איין ביישפּיל, ווי אַזוי זיין ערשיינונג האָט באַ־כשופ'ט אַ מענשען מיט דעם פיינסטען חוש פאַר שעהנקייט.

און אָט איז אַן אַנדער ביישפּיל:

איך געה אַרוים מיט איהם אַמאָל פון'ם פּיפּעלס טעאַטער. געהען מיר איבער דער באַוערי און שמועסען. קומען אונז אַן אַנטקעגען צוויי שכור'ע מאַטראָסען. זיי שאָקלען זיך אויף די פיס, וואַרפען די הענט אויף אַלע זייטען, רעדען ווערטער, וואָס פאַלען ווי שטיקער שמוץ אַרום זיי, און שטויסען אַרונטער יעדען פאַרבייגעהער פון'ם טראָטואַר.

אַדלער געהט גלייך אויף זיי. די מאַטראָסען טוען זיך זייערס. זיי קוקען זיך ניט אום אויף אונז. זיי זעהען נאָר, אַז צוויי מענשען קומען אַן זיי אַנטקעגען, באַוועגען זיי געגען אונז אַזוי די הענט, ווי זיי וואָלטען וועלען אונז אַפּראַמען פון'ם וועג.

מיט אַמאָל טוט אַדלער אַ געשריי:

— סמירנאָ, סוואָלאָטש!

דוקא אויף רוסיש...

די מאַטראָסען פאַררייסען צו איהם די קעפּ, קוקען איהם אָן מיט זייערע פאַר'שכור'טע אויגען לכתחילה מיט אַן אויסדרוק, וועלכער האָט ווי גערעדט: „ווער האָט עס די חוצפה צו שרייען אויף אונז?” און באַלד, מערקווירדיג, ווי זיי וואָלטען פּלוצים דערזעהן פאַר זיך זייער קאָמאַנדיר, אַזוי צומישט זיינען זיי געוואָרען, ווען זיי האָבען זיין ערשיינונג דערזעהן.

איינער פון זיי האָט זיך אַ נייג געטאָן און מיט אַ שולדיגער מינע אַרויסגעמורמעלט:

— אַי בעג יור פּאַרדאָן, סער!...

און דער אַנדערער האָט זיך אויסגעצויגען אין זיין גאַנצען

וואוקס, ווי פאַר זיין עלטסטען, האָט געקוקט אויף אדלער׳ן מיט האלב־צוגעמאכטע, מוטנע אויגען און באוועגט זיינע שכור׳ע ליפּען:

— יעס, סער! יעס, סער!...

און דערנאָך, ווען מיר זיינען אוועק ווייטער, זיינען זיי נאָך אלץ געשטאַנען און איהם נאָכגעקוקט צוטומעלט און מיט דרך־ארץ.

און זיכער האָבען די דאָזיגע שכור׳ע מאטראָסען ניט גע־וואוסט, אז דאָס איז דער ארטיסט אדלער.

די מוזיק פון זיין פּערזענליכקייט האָט דאָס זיי געצווימט. דער כשוף פון זיין ערשיינונג, וואָס יעדער האָט געמוזט פיהלען, סיי א דאָנקען און סיי אפילו דער שכור׳ער מאטראָס...

דערפאַר, דער עיקר, איז ער אזוי באליבט, פאַרעהרט און באוואונדערט געוואָרען פון מעהר מענשען, איידער וועלכער ניט איז אנדערער אַקטיאָר.

מחמת די ערשיינונג זיינע, וועלכע איז פול מיט כשוף, דער עיקר, מחמת זיין אויסערגעוועהנליכע ערשיינונג...

צווישען טויזענטער מענשען וואָלט מען איהם געמוזט באַ־מערקען. דאָס אויג האָט זיך געמוזט אָפּשטעלען אויף איהם. אזא מאגנעטישע קראַפט האָט ער אין זיך.

## 6.

וואָס מען פאַרשטעהט ביי אונז אונטער דעם וואָרט „רעזשי" און וואָס דאָס איז אין דער אמת׳ען.

אדלער אליין האָט רעזשיסירט די פּיעסען, אין וועלכע ער איז אויפגעטראָטען.

אָבער מיט מיין גאַנצען דרך־ארץ פאַר די גרויסע כחות פון אונזער אַלטען קינסטלער, מוז איך זאָגען, אז קיין רעזשיסער, אין דעם אמת׳ן זין, איז ער קיינמאָל ניט געוועזען.

די אידישע ביהנע האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון א קינסט־

לעריש־געבילדעטען רעזשיסער. זי ווייסט פון איהם נאָך היינט אויך ניט.

און ווי אַזוי האָט זי געזאָלט פון איהם וויסען? פון וואַנען האָט ער זיך געזאָלט ביי איהר נעמען?

דער ווייַן־קעלער און דאָס חזניש־שטיבעל, וואָס פון זיי האָט זיך באמת אָנגעהויבען דער וועג צו דער אידישער ביהנע, זיינען ניט געווען די סביבה, וועלכע האָט געקאָנט ארויסגעבען א קינסט־לעריש־געבילדעטען רעזשיסער.

ניט אַלע ביי אונז ווייסען, וואָס א רעזשיסער איז, ניט אַלע אידישע אַקטיאָרען אפילו. א סך מיינען, אַז ווען א פּיעסע איז אויפגעפיהרט מיט שעהנע דעקאָראַציעס און איז באַפּוצט מיט לעמפּעלאך און עלעקטרישע לאָמפּען, און א שעהנער טעפּיך באצירט די ביהנע — איז דאָס שוין גוטע „רעזשי".

און ווער שמועסט נאָך, ווען די אַקטיאָרען אויף דער ביהנע פּלאָנטערען זיך ניט איינער דעם אַנדערען אונטער די פיס און קענען נאָכזאָגען די „פּראָזע" דעם סופליאָר — איז דאָס אודאי און אודאי גוטע „רעזשי".

אָט אַזוי, געוועהנליך, פאַרשטעהט מען ביי אונז רעזשי.

וואָס מיינט אָבער אין דער אמת'ן „רעזשי"? וואָס מיינט עס אַזוינס צו זיין א רעזשיסער?

ניט די דעקאָראַציע, ניט דער טיש, דער שטול, די טאַפּעטען אויף די וועגט, דער גאָרטען צי דער וואַלד, דער לאָמפּ צי דער גאַז־ברענער, און ניט אפילו דאָס קאָנען אויף אויסווענדיג די „פּראָזע", זיינען דער עיקר פון אמת'ער רעזשי, נאָר ד ע ר ג ו ף א ו ן ד י נ ש מ ה פ ו ן ד ע ר פּ י ע ס ע.

„דער אמת'ער רעזשיסער" — שרייבט נ. י ע וו ר ע י נ אָ וו, אַליין איינער פון די באריהמטעסטע און אויך מאָדערנסטע רע־זשיסערען אין רוסלאַנד — „איז פריהער פון אַלץ אַן אויספיהר־ליכער פאַרטייטשער פון דעם פאַרפאַסער. דער רעזשיסער איז דער איבערזעצער פונ'ם בוך־טעקסט אויף דער לעבעדיגער שפּראַך פון זשעסטען און מימיק".

כדי אָבער צו פאָרטייטשעז דעם פּאָרפּאַסער, מוז מען פריהער פון אַלץ פארשטעהן זיין פּיעסע, אָדער ריכטיגער, די נשמה פון דער פּיעסע.

וואָרים יעדע פּיעסע האָט זיך איהר נשמה. יעדע נשמה — איהר באזונדערע מוזיק. יעדע מוזיק האָט איהר באזונדערען טאָן.

ניט דער ריכטיגער טאָן און ניט די ריכטיגע אויסטייטשונג טויטעט א פּיעסע.

ג אָ ר ד אָ ן  ק ר ע י ג איז איינער פון די גרעסטע קינסט־לער־רעזשיסאָרען אין דער וועלט. פאַר עטליכע יאָהרען האָט ער געפּרואווט אויפפיהרען „האמלעט“ אין מאָסקווער קונסט־טעאטער און ער איז מיט זיין פּראָבע דורכגעפאַלען. מחמת — ווי די רוסישע קריטיקער האָבען דאַן געשריבען — ז י י ן  ד ע ק א ָ ר א ־ ט י ו ו ־ א י מ פּ ר ע ס י א ָ נ י ס ט י ש ע ר  ט אָ ן, וואָס ע ר  ה אָ ט  י ע נ ע ר  פ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג  ג ע ג ע ב ע ן, ה אָ ט  ז י  א ו ו ע ק ג ע ה ר ג ' ע ט.

מיט אַנדערע ווערטער, כדי ארויסצוברענגען די מוזיק פון שעקספּיר'ס „האמלעט“, האָט ער געמוזט אָנווענדען א גאַנץ אַנדערען טאָן, ווי ער האָט אָנגעווענדעט. (אונטער „טאָן“ מיין איך ניט דוקא דער אופן פון רעדען אַליין, נאָר די גאַנצע אויפ־פאַסונג און כאַראַקטעריזירונג פון דער זאַך).

אָדער נעמען מיר גאָר א היימישען ביישפּיל:

אונזער מאַדאַם אבראַמאָוויטש איז דאָ ניט לאַנג אויפגע־טראָטען אין גאָרדינ'ס „מירעלע אפרת“ און זי האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט.

זאָגען מענשען, אז אין דער דאָזיגער פאָרשטעלונג האָט זיך ארויסגעוויזען דער באַנקראָט פון גאָרדינ'ען אלס דראַמאַטורג. „מירעלע אפרת“ — שרייבען אַנדערע — איז צוקלאַפּט געוואָרען פון מאַדאַם אבראַמאָוויטש'עס נאַטירליכען טאַלאַנט, ווי א לייד מענע קוקלע, פּשוט אויף פּיץ־פּיצלאך. גאָרדינ'ס ווערטער זיינען געבליבען הענגען ארום איהר אָפּגעריסענע, טויטע קלאַנגען.

אָדער אומגעפעהר אזוי.

און לייענט מען דאָס װעגן מאַדאַם אבראַמאָװיטש, קאָן מען מיינען, אַז די דאָזיגע אַקטריסע איז ערשט צו אונז פֿון׳ם הימעל אַרונטערגעפֿאַלן, אָדער, װעניגסטענס, אַז זי איז צו אונז געקומען פֿון ערגעץ אַ מאָדערנעם קונסט־טעאַטער, װאו זי האָט זיך קינסטלעריש ערצױגען, און איצט, אױפֿטרעטענדיג אין „מירעלע אפרת״, האָט זי מיט איהר נייעם, מאָדערן־קינסטלערישען אופֿן פֿון שפּילען די ניט־מאָדערנע „מירעלע׳ן״ צוקלאַפּט אױף פּיץ־פּיצלאַך, װי אַ ליימענע קוקלע!...

אַך, נאַאיװע מענשען! ערשט מאַדאַם אבראַמאָװיטש איז דאָך די אַקטריסע פֿון פּיעסען פֿון גאָרדינ׳ס שניט. ערשט אין אַזעלכע פּיעסען, װי זיינע, האָט זי זיך שטענדיג אױסגעצייכענט און קאָן זיך אױסצייכענען. ערשט אַזעלכע פּיעסען, טעאַטראַלישע, מיט טעאַטראַלישען בלוט, האָבען איהר שטענדיג געגעבען די מעגליכקייט אױסצודריקען איהר טאַלאַנט און איהר גרױסען טעמפּעראַמענט.

איך קאָן גוט מאַדאַם אבראַמאָװיטש פֿון מיין „פֿאַרלאָרענעם גן עדן״ און פֿון אַ צעהנדליג אַנדערע פּיעסען, און איך װייס, אין װאָס פֿאַר אַ פּיעסען זי קאָן זיך אױסצייכענען.

היינט פֿאַרװאָס איז „מירעלע אפרת״ מיט איהר דורכגע־פֿאַלען?

איך בין ביי יענער פֿאָרשטעלונג ניט געװען. אפשר האָט זיך די אַקטריסע געפֿיהלט געפּענטעט פֿון דעם בילד „מירעלע אפרת״־ליפּצין, װעלכע האָט זיך פֿאַר איהרע אױגען געטראָגען, װאָס דאָס איז פּסיכאָלאָגיש גאַנץ מעגליך. און אפשר איז די ראָל ניט פֿאַר איהר, װייל ניט יעדע ראָל איז פֿאַר יעדען אַקטיאָר צי אַקטריסע, מעגען זיי זיין װי טאַלאַנטירט.

גיכער איז אָבער, אַז דער ריכטיגער טאָן פֿאַר „מירעלע אפרת״ האָט ביי יענער פֿאָרשטעלונג געפֿעהלט. דער־פֿאַר האָט זי קיין איינדרוק ניט געמאַכט.

מען האָט „מירעלע אפרת״ ניט דערגרעדט, ניט דערשפּילט,

און דערפאַר זיינען געבליבען הענגען ארום דער אקטריסע אָפּ־געריסענע ווערטער, טויטע קלאַנגען.

וואָרים דער טאָן מאַכט די מוזיק. דער שטילער זיפץ, הגם ער איז אויך אַ סימן פון טרויער, אָבער דער פאַרצווייפעלטער יאָמער איז ער ניט.

ס׳וועגדט זיך ווי מען לעזט דעם בריף.

מען דערצעהלט אַ מעשה: אַ ישוב׳ניק האָט אמאָל געהאַט אַ זוהן. דער זוהן האָט ניט געוואָלט טראַכטען וועגען אַ תכלית. געהט אמאָל דער ישוב׳ניק און טרייבט ארויס זיין זוהן פונ׳ם שטוב: זאָל ער זיך געהן זוכען אַ תכלית.

שלעפּט זיך אַוועק דער זוהן אין אַ ווייטער שטאָדט, זוכט דאָרט און זוכט אַ תכלית — ניטאָ, ער קאָן ניט געפינען. קיין געלט האָט ער ניט, קיין אַרבייט האָט ער ניט, ווערט ער געשוואָ־לען פאַר הונגער און געהט ארום קרועה־בלואה...

שיקט ער איינמאָל אַוועק אַ בריף צו זיין טאַטען:

„טאַטע, אויב דו ווילסט ניט, אַז איך זאָל זיך אַ מיתה אָנטאָן, שיק מיר אַ פּאָר רובעל. איך געה ארום נאַקעט און באָרוועס און הונגעריג".

קריגט דער ישוב׳ניק דעם בריף, און אַזוי ווי ער אַליין איז ניט קיין למדן, געהט ער אַוועק צו אַ צווייטען ישוב׳ניק, זיינעם אַ שכן, וועלכער איז אַ למדן, דאָס הייסט, וועלכער קען יאָ לעזען אַ בריף.

קומט ער אָן צו יענעם דוקא אין אַ צייט, ווען יענער האָט זיך ערשט צופּאַטשט מיט זיין ווייב און איז נאָך אין כעס, מלא רציחה...

לייענט יענער דעם זוהנ׳ס בריף פאַר דעם טאַטען אין אַ רציחה־טאָן:

„טאַטע, אויב דו ווילסט ניט, אַז איך זאָל זיך אַ מיתה אָנטאָן, שיק מיר אַ פּאָר רובעל. איך געה ארום נאַקעט און באָרוועס און הונגעריג".

דערהערט דער ישוב׳ניק דעם דאָזיגען רציחה־טאָן און צינדט זיך אָן אַליין מיט רציחה.

— דו הערסט?! ער סטראשעט גאָר! — צושרייט ער זיך. — שיק איהם, אז ניט... זאָל ער אָקאַלעען דאָרט, ווי אַ הונט. פאַר סטראַשונקעס האָב איך קיין מורא ניט. זאָל ער ביי מיר בעטען, בעטען זאָל ער ביי מיר, וועל איך איהם שיקען!

אַ טאַטע אָבער איז דאָך אַ טאַטע. טוט איהם וועה דאָס האַרץ פאַר זיין זוהן. געהט ער אַוועק צו אַן אַנדער שכן מיט׳ן בריף, אפשר האָט דער פריהערדיגער ניט ריכטיג געלייענט.

איז דער שכן דוקא אַ ווייבער איד מיט אַ טרער אין זיין קול. לייענט ער פאַר איהם איבער דעם בריף מיט אַ ווייבען, תחנונים־קול:

„טאַטע, אויב דו ווילסט ניט, אַז איך זאָל זיך אַ מיתה אָנטאָן, שיק מיר אַ פאָר רובעל. איך געה ארום נאַקעט און באָרוועס און הונגעריג“...

הערט איצט דער טאַטע דעם בריף און עס וויינט אין איהם דאָס האַרץ:

— ער סטראשעט דאָך ניט. ער בעט זיך דאָך, נעבאך. היינט פאַרוואָס, גזלן, האָב איך זיך איינגערעדט, אַז ער סטראַשעט מיך! מען מוז איהם תיכף ארויסשיקען געלט!...

אזוי וועגדט זיך אין גאַנצען ווי און אין וואָס פאַר אַ טאָן דער בריף ווערט געלייענט. היינט בפרט נאָך, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ פּיעסע.

אָט דאָס האָט שטענדיג אינ׳ם זינען דער קינסטלעריש־געבילדעטער רעזשיסער. די פּיעסע פון דעם שרייבער זאָל ריכ־טיג פאַרטייטשט ווערען.

ער נעמט די פּיעסע, לעבט זיך אין איהר אריין און איהר גייסט און די געשטאַלטען, וואָס לעבען אויף פאַר איהם פון צווישען די ווערטער און שורות, ברענגט ער דערנאָך ארויס אין פלייש און בלוט, אזוי ווי זיי האָבען זיך פאַר זיינע אויגען גע־טראָגען.

און יעדע באַטאָנונג זייערע איז פאַר איהם וויכטיג, יעדע מינע און יעדער זשעסט — ווייל דאָס אַלצדינג מוז אויסדריקען די האַרמאָניע פון דעם גאַנצען אין דער פּיעסע און די דראַמאַ־טישע אידעע, וועלכע מוז זיין אין יעדער זאַך, וואָס ווערט גע־שפּילט אויף אַ ביהנע.

אָט דאָס איז די אַרבייט פון יעדען אמת'ן רעזשיסער און דאָס מיינט „רעזשי".

אַזעלכע רעזשיסערען האָט די אידישע ביהנע קיינמאָל ניט געהאַט. אויך אַדלער איז ניט געווען אַ רעזשיסער פון דעם מין...

## 7.

ווי אַזוי אַדלער האָט רעזשיסירט פּיעסען. — ווי אַזוי ער איז באַהערשט געוואָרען פון אַ ראָל.

דער עיקר וואָס דעם אַקטיאָר אינטערעסירט, בעת ער לייענט אַ פּיעסע, איז די ראָל, וואָס ער אַליין האָט זי בדעה צו שפּילען.

זי נאָר זעהט ער. זי נאָר אינטערעסירט איהם. זי פאַר־שטעלט איהם די איבעריגע ראָלען פונ'ם שטיק. צוליב איהר זעהט ער ניט ס'רוב דעם תוך פון דער פּיעסע.

דערפאַר קאָן מען זיך זעלטען פאַרלאָזען אויף די מבינות פון אַן אַקטיאָר בנוגע אַ פּיעסע, איידער מען האָט זי נאָך אויפגע־פיהרט.

ווייל, לויט דער נאַטור פון זיין פּראָפעסיע, זעהט ער, און איז נאָר אימשטאַנד צו זעהן, אָנשטאָט דעם גאַנצען אָרגאַניזם פון דער פּיעסע, בלויז דעם איין־איינציגען גליד פון איהם, דאָס הייסט, בלויז די ראָל, וואָס איהם אַליין וועט אויסקומען זי צו שפּילען אויף דער ביהנע...

דאָס קאָן געזאָגט ווערען ניט דוקא וועגען אידישע אַקטיאָרען אַליין.

מחמת דעם איז אין די פאַראַנטוואָרטליכע טעאַטערס ביי די אומות העולם איינגעפיהרט, אַז רעזשיסירען אַ פּיעסע ווערט אי־בערגעגעבען צו אַ רעזשיסער, וועלכער איז אַליין קיין אַקטיאָר ניט.

ערשט דאַן איז דער רעזשיסער ניט פאַראינטערעסירט אין איין געוויסער ראָל מעהר איידער אין דער אַנדערער. ערשט דאַן קאָן ער זיך באַציהען מיט דערזעלביגער אויפמערקזאַמקייט און ליבע צו אַלע ראָלען גלייך. ערשט דאַן קאָן ער האָבען אינ׳ם זינען די גאַנצקייט פון דער פּיעסע און ניט אַן איינציגע ראָל.

דער באַריהמטער מאַקס ריינהאַרדט איז פריהער געווען אַן אַקטיאָר. ווען ער איז אָבער שפּעטער געוואָרען אַ רעזשיסער, איז ער אַליין אויף דער ביהנע שוין מעהר אַלס אַקטיאָר ניט אויפגע־טראָטען, אָדער איז אויפגעטראָטען זעהר זעלטען.

אַזוי זיינען אויך ניט קיין אַקטיאָרען די באַוואוסטע רוסישע רעזשיסערען — מייערהאָלד, יעוורעאינאָוו, קאָמיסאַרזשעווסקי, סאַנין, פּאָפּאָוו, און אַז. וו., און ניט דער ענגלישער גאָרדאָן קרעיג, און ניט דער אַמעריקאַנער דייוויד בעלאַסקאָ, וועלכער האָט אויך אָנגעהויבען זיין ביהנען־קאַריערע אַלס אַקטיאָר, און אויך ניט נאָך אַנדערע באַריהמטע רעזשיסערען.

אַן אויסנאַהם אין דעם פּרט איז דער רוסישער סטאַניסלאַווסקי, פון מאָסקווער קונסט־טעאַטער, וועלכער שפּילט אַליין אין די פּיעסען, וואָס ער רעזשיסירט.

איז ער אָבער קיין באַווייז ניט. ווייל באמת איז די רעזשי פון אַ פּיעסע אין יענעם טעאַטער אַלע מאָל געווען אַ קאָלעקטיווע, האָט ניט געהערט אויסשליסליך צו איין מענשען, האָט זי געמאָגט אַפילו באַצייכענט ווערען אַלס די רעזשי פון סטאַניסלאַווסקי.

ווייל דער מאָסקווער קונסט־טעאַטער האָט שטענדיג געהאַט גענוג אַסיסטענט־רעזשיסערען, וואָס מיט זייער מיינונג האָט מען זיך גערעכענט, און וועלכע האָבען אינ׳ם זינען געהאַט די גאַנצקייט און דעם תוך פון אַ פּיעסע.

עס איז אַ באַוואוסטער פאַקט, אַז איידער מען האָט אין יענעם טעאַטער אויפגעפיהרט אַ נייע פּיעסע, האָט מען זי דאָרט אַפריהער שטודירט חדשים לאַנג, צוגלידערט זי סצענע ביי סצענע, שורה ביי שורה און וואָרט ביי וואָרט, און רעפּעראַטען איבער איהר געלייענט, און דעבאַטירט וועגען איהר. דארום קאָן מען בשום אופן ניט זאָ־

גען, אז די אויפפאסונג, ווי אזוי די אָדער יענע פּיעסע צו רעזשי־סירען, האָט אין גאנצען געהערט צו סטאַניסלאַווסקי׳ן אליין. אפשר האָט דערביי זיין מעטאָד דאָמינירט, אָבער די באַזונדערע פּרטים פון דער אויפפיהרונג האָבען זיכער, קאָן מען זאָגען, געהערט צו דעם קאָלעקטיוו.

חוץ דעם, האָט סטאַניסלאַווסקי זעלטען געשפּילט די הויפּט־ראָל אין אַ שטיק; ס׳רוב האָט ער אין פּיעסען געשפּילט צווייטע און אפילו דריטע ראָלען.

אָבער אַ גאַנץ אַנדערען מזל האָט געהאט די רעזשי פון אַ פּיע־סע אויף דער אידישער ביהנע.

דער רעזשיסער פון דער פּיעסע איז שטענדיג געווען דער „סטאַר״, וועלכער האָט געשפּילט די הויפּט־ראָל אין דעם שטיק. און רעזשיסירענדיג די פּיעסע, האָט ער, דער עיקר, אינ׳ם זינען גע־האַט זיין ראָל, געשטראָכען די קלענערע ראָלען, אומבאַדייטענדיגער געמאַכט די באַדייטענדע ראָלען, און אַמאָל אפילו צוגעטשעפּעט „פראָזע״ פון אַ צווייטער ראָל צו זיינער, ווען איהם האָט זיך גע׳חלומ׳ט אַן אפּלאָדיסמענט אין יענער „פראָזע״...

און איהם איז גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז דערמיט אליין שוואַכט ער אָפּ זיין אייגענע ראָל. ווייל, געוועהנליך, באַלייכטען די קלע־נערע ראָלען די צענטראַלע פיגור אין אַ פּיעסע. זיי זיינען ווי די ליכט, וואס ווארפען זייער שיין אויף איהר, און שוואַכט מען זיי אָפּ, איז זייער שיין אָפּגעשוואַכט, ווערט אַלץ טונקעלער ארום איהר און זי, די צענטראַלע פיגור, זעהט זיך אַלץ וועניגער ארויס.

אונזער אידישער רעזשיסער, דער „סטאַר״, האָט עס אָבער ניט פאַרשטאַנען. איהם, וואָס האָט זיך באַטראַכט אַלס דאָס הויפּט־ליכט אין דער פּיעסע, האָט זיך שטענדיג אויסגעוויזען, אַז די אַנדערע, די קלענערע ליכט, פאַרטונקלען זיין שיין...

מחמת דעם איז אָפט פאַרקריפּעלט געוואָרען דער טעקסט און דער הויפּט־תוך פון דער פּיעסע.

דערמיט בין איך ניט אויסען צו באַשולדיגען אונזערע אַלטע אַרטיסטען. אַזוי האָבען זיי פאַרשטאַנען און אַזוי האָבען זיי גע־

טאָן. און עס וואָלט נאַריש געווען צו פאַרלאַנגען פון זיי אַזאַ באַ־ציהונג צו אַ פּיעסע, וועלכע מיר פאַרלאַנגען היינט פון אַ קינסט־לעריש־געבילדעטען רעזשיסער.

אַדלער איז אין דעם פּרט ניט געווען קיין אויסנאַהם.

אמת, ער האָט זיך זעהר ערנסט אָפּגעגעבען מיט דער אויפ־פיהרונג פון אַ פּיעסע, ער האָט אָבער שטענדיג זיינע ביידע אויי־גען געהאַלטען אויף זיין ראָל.

איך דערמאָן זיך, ווי ער האָט אויפגעפיהרט עטליכע פון מיי־נע פּיעסען.

געקומען צו דער פּראָבע שטענדיג מיט אַ גרויסען באַשריבע־נעם העפט, וואו עס איז אויסגעשריבען געווען אין אַלע פּרטים, וואָס ער, די הויפּט־פּערזאָן פון דער פּיעסע, דאַרף טאָן און וואו דער „ספּאָט־לייט" דאַרף אויף איהם פאַלען, און וואו דער באַס פון'ם אָרקעסטער דאַרף צו איהם אַ רעד טאָן, און וואו דאָס פידעלע דאַרף זיך איבער זיינע יסורים צוקרעכצען...

אין יענעם העפט איז אויך אָנגעמערקט געווען די טועכץ פון אַנדערע פּערזאָנען, אָבער נאָר אויף אַזוי ווייט, וויפיל דאָס האָט געזאָלט ארויסברענגען זיין אייגענע טועכץ.

האָט אַמאָל געטראָפען, אַז די אַנדערע פּערזאָנען האָט ער אָנ־געמערקט צו טאָן פּונקט פאַרקעהרט, וואָס זיי האָבען געדאַרפט לויט זייער כאַראַקטער.

זיצט דערביי דער פאַרפאַסער פון דער פּיעסע און מאַכט איהם אויפמערקזאַם אויף דעם. קוקט איהם אָן אַדלער מיט אַ קינדער־שען בליק. איך האָב אַ סך מאָל ביי איהם באַמערקט אַזאַ קינ־דערשען בליק אין מאָמענטען, בשעת מען האָט איהם אָנגעוויזען אויף אַ פעהלער.

ער הערט אויס. לעגט אַרויף די האַנט אויף זיין שטערען און זיצט אַזוי אַ ווייל פאַרטראַכט. אָדער ער מאַכט צו די אויגען און, זיצענדיג אַזוי, שטרענגט ער אָן זיין שטערען און מען באַ־מערקט, ווי אַזוי זיינע געדאַנקען ארבייטען.

דערנאָך מאַכט ער צום פּראָפעסאָר:

— איהר זייט גערעכט, דאכט זיך. יאָ, איהר זייט גערעכט...

און אויף מאָרגען ברענגט ער אַ נייעם באַשריבענעם העפט. אָבער זיינע נייע אָנמערקונגען האָבען אַלץ צו טאָן דער עיקר מיט זיין הויפּט ראָל...

דאן טראַכט ער מעהר פון גאָר ניט, קאָן, דאכט זיך, פון גאָר ניט מעהר טראַכטען. ער איז עפּעס אַזוי ווי צוטומעלט, פאַר'חלומ'ט...

ער פיהרט, דאכט זיך, די פּראָבע; הערט און קוקט זיך צו צו די אַקטיאָרען און די אַקטריסעס ארום איהם; מיט אַמאָל הויבט ער אָן צו רופען, ווי אַ צומישטעטער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אָן עפּעס, וואָס האָט איהם אין גאַנצען צוטומעלט, רופט מיט אַ קול, ווי דער אידישער קעניג ליער זיין שמאי:

— חי—ים!...*)

קומט צולויפען חיים, געוועהנליך אַ פּאַרסאָפּעטער, מיט אַ פּנים, אויף וועלכען דער טיפער דרך־ארץ שמייכעלט און שווימט אַרום אין רויטליכען שווייס:

— מיסטער אדלער!...

שרייט צו איהם אדלער מיט אַ מין רחמנות'דיגען קול:

— לויף צום פּאַריקמאַכער, חיים, אַן אַנדער באָרד וויל איך. ניט יענע, וואָס איך האָב ביי איהם באַשטעלט. רוף איהם אַהער.

און אַזוי טראַכט ער נאָכאַנאַנד ביי דער פּראָבע וועגען זיין גרים, זיין מאַסקע אין דער נייער ראָל; זעהט זיך נאָר אַלס שעהנע און אימפּאָזאַנטע געשטאַלט, אַלס קעניג אויף דער ביהנע, וואָס נאָר לכבוד איהם ברענען אַלע לאָמפּען; וואָס נאָר אויף זיין פּנים פאַלען „ספּאָטלייט"; און וואָס נאָר זיינע יסורים באַקלאָגען די פידלען און די פלייטען פונ'ם אָרקעסטער; און וואָס נאָר פאַר איהם אַליין קלאַפּען די הערצער און ווישען די אַפּלאָדיסמענטען...

*) זיין אמאָליגע רעכטע האַנט. — ל. ק.

א נאַטירליכער וואונש פון יעדען אַרטיסט!...

דאַרף ער אויפטרעטען אין אַ נייער ראָל, שטודירט ער דאָן פּנימ'ער און בילדער פון מענשען, אָבער אַלץ שעהנע בילדער. ווייל מיאוס אויסקוקען אויף דער ביהנע וויל ער ניט און ער קאָן ניט.

אַ סך מאָל, נאָך די פּראָבען, האָב איך באַמערקט ווי ער איז געשטאַנען אין גאַרדעראָב־צימער פאַר'ן שפּיגעל און האָט פאַר־שידענע פּאָזען און גרימאַסען געמאַכט, מאָלענדיג אויף אַזאַ אופן אין זיין פאַנטאַזיע די געשטאַלט פון דער נייער ראָל, אין וועלכער ער האָט זיך געגרייט אויפצוטרעטען.

איידער ער איז אויפגעטראָטען אין מיין „גרויסען איד" — געדענק איך — האָט ער שטודירט אַ סך בילדער פון באַוואוסטע אידען און האָט זיך, צום סוף, אָפּגעשטעלט אויף דעם בילד פון דעם באַוואוסטען דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם. ער האָט זיך גרימירט ווי דער קיעווער דאָקטאָר; איך גלויב אָבער ניט, אויב ער, דאָק־טאָר מאַנדעלשטאַם, האָט אַמאָל אַזוי שעהן אויסגעזעהן, ווי אַד־לער אין זיין גרים...

דורך זיין מאַסקע האָט די גרויסע פּלאַסטישע שעהנקייט פון אַדלער'ן אַרויסגעשיינט...

און נאָך עפּעס:

פּונקט ווי ער האָט שטענדיג געזוכט אויפצוטאָן עפּעס מיט זיין גרים, אַזוי האָט ער אַלע מאָל געזוכט אויפצוטאָן מיט זיין שפּילען בכלל.

ער האָט געקאָנט שפּילען אַ פּיעסע חדשים לאַנג, האָט ער תמיד ביי יעדער פאָרשטעלונג צוגעגעבען עפּעס נייעס, אַ נייעם שטריך, אַ קרעכץ, אַ געלעכטער, אַ געשריי, אַ באַלייכטונג פון אַ לאָמפּ, אַ באַזונדערע שעהנע פּאָזע...

ער האָט שטענדיג פון זיין ראָל געטראַכט, זי צו פאַרשעהנערען געזוכט און דורך איהר זיין שפּילען. אָבער אָפט האָט ער עס געטאָן אויפ'ן חשבון פון די אַנדערע ראָלען און פון דער גאַנצער פּיעסע.

פאַרשטעהט זיך, אַז די גאַנצע פּיעסע האָט מחמת דעם גע־ליטען.

דאָס האָט זיך ניט געפיהלט אַזוי שטאַרק, כל זמן אונזערע בעסטע שוישפּילערישע קרעפטען זיינען פאַראייניגט געוועזן; ווען יעדער פון אונזערע טעאַטערס האָט געקאָנט אָנווייזען אויף אַ קאָמ־פּאַניע פון אויסגעוועהלטע קינסטלער. ווייל וואָס מען האָט מיט זייערע ראָלען ניט געטאָן, האָבען זיי דאָך מיט זייער טאַלאַנט אַלע לעכער און אַלע ווייסע שטעך צוגעדעקט.

ווי פאַרקריפּעלט אַ פּיעסע און אַ ראָל איז ניט געוואָרען פון דער רעזשי, אָבער ווען אויף דער ביהנע זיינען געווען אַ מאָגולעסקאָ, אַ קעסלער, אַ מאָשקאָוויטש, אַ טאָרענבערג, אַ מאַדאַם אַדלער, אַ מאַדאַם ליפּצין, אַ מאַדאַם קאַליש, האָבען זיי מיט זייערע טאַ־לאַנטען דעם קריפּעל אויסגעגלייכט און לעבען אין איהם אריינ־געאָטעמט.

אָהן זיי אָבער איז דער קריפּעל געבליבען קריפּעל...

בפרט נאָך, ווען אַזאַ פּיעסע האָט דערנאָך אָנגעוואָרען דעם הויפּט־סטאַר אליין, וועלכער האָט זי לכתחילה רעזשיסירט פאַר זיך אליין, — וואָס איז פון איהר דאַן געוואָרען?

וואָס איז, למשל, געוואָרען פון „שלמה'קע שאַרלאַטאַן" נאָך קעסלער'ס טויט?

און אַזאַ סוף האָבען געהאַט אַ סך ניט־אײן־ערך בעסערע פּיעסען פון „שלמה'קע שאַרלאַטאַן" אויף אונזער ביהנע.

די אידישע ביהנע קאָן אויפווייזען, באַזונדערס אין איהרע פריהערדיגע פאַרשטעהער, אַ סך ליבע און אויפאָפּפערונג, אַ סך טאַלאַנט, גאונות ממש, עס האָט איהר אָבער תמיד געפעהלט דער קינסטלערישער פאַרשטאַנד, די קינסטלערישע אויפפאַסונג פון דעם קינסטלעריש־געבילדעטען רעזשיסער...

אינטואיציע־שעפער זיינען זיי געווען, וועלכע האָבען געשאַ־פען אָהן אַ פּלאַן.

אַדלער איז געווען איינער פון זיי.

8.

זיין גרים האָט קיינמאָל ניט געקענט פאַרדעקען זיין אייגנטימליכקייט. פאַרוואָס? קאָן אַ טאַלאַנטפולער אַקטיאָר זיך אַזוי פאַרשטעלען, אַז מען זאָל איהם ניט דערקאָנען.

איך האָב געזעהן אַדלער'ן אין צעהנדליגער פּיעסען און אין צעהנדליגער ראָלען. אין איינער האָט ער זיך אויסגעצייכענט מעהר, אין דער אַנדערער ווייניגער, אָבער אומעטום, אין אַלע פּיעסען און אין אַלע זיינע ראָלען, איז ער געוועזן אַדלער דער קינסטלער, מיט זיין באַזונדערען סטיל, קול, שמייכעל, באַטאָנונג און מיט יענער פּלאַסטישער, כמעט קלאַסישער, שעהנ־קייט, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אין זיין יעדער מינע און זשעסט.

ער איז געוועזן דער גרעסטער מייסטער אין גרימירען זיך. אָבער ווי ער האָט זיך ניט פאַרגרימירט, זיינע באַזונדערע אייגענ־טימליכקייטען האָט זיין גרים ניט געקאָנט פאַרדעקען. אַדלער'ן האָט מען גלייך דערקאָנט, ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזען אויף דער ביהנע.

ווייל ער האָט מיט זיך שטענדיג אַרויפגעבראַכט אויף דער ביהנע זיין באַזונדערען דופט, דעם באַזונדערען ריח פון זיין טאַלאַנט, וואָלט איך געזאָגט.

ווייל, ווי איך האָב שוין אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל באַ־מערקט, אַדלער האָט שטענדיג געשאַפען אַרום זיך אַן אַטמאָספערע אויף דער ביהנע, וואָס איז געוועזן זיינס, אַ טייל פון איהם און נאָר פון איהם.

איז ער אויף דער ביהנע געשטאַנען, האָט פון יעדען טאָן זיינעם, פון יעדען בליק און פון יעדען קעהר זיינעם אַרויסגעדופט און אַרויסגעשטראַהלט די באַזונדערע אייגענטימליכקייט פון זיין טאַלאַנט.

איך האָב איהם אַמאָל געזעהן אין אַ ראָל פון אַ הויקער. איך געדענק ניט, אין וואָס פאַר אַ פּיעסע. איך געדענק אָבער, אַ שרעקליכע געשטאַלט האָט זיך באַוועגט איבער דער ביהנע. זי האָט זיך געדרעהט מיט אַ הויקער פון פאָרענט און מיט אַ הויקער פון הינטען. אַן אומגליקליכע, פאַרביטערטע געשטאַלט, מיט אַ

פּנים און אויגען, וועלכע האָבען זיך געבאָדען אין גאַל און אין האַס צו די גליקליכע מענשען, וואָס האָבען קיין הויקערס ניט געהאַט... און דאָך איז אפילו דער דאָזיגער הויקער פּ א ר א ד ל ע ר ט געוועז.

אויף יעדען געביט פון קונסט אונטערשיידט זיך דער אמת׳ער טאַלאַנט פון דעם נאָכמאַכער, דעם אימיטאַטאָר, צי פון דער טאַ־לאַנטלאָזיגקייט, דער עיקר דערמיט, וואָס זיין שאַפען איז שטענדיג באַהויכט און באַלעבט מיט א באַזונדער ריח און קאָליר, ארויס־געהויכט פון דעם קינסטלער׳ס נשמה און פון דעם קינסטלער׳ס בלוט.

אָן דעם, דער עיקר, לאָזט זיך דערקענען דער אמת׳ער טאַ־לאַנט און אָט דאָס אונטערשיידט זיין טאַלאַנט פון אנדערע טאַלאַנטען.

עס דופט ארויס פון איהם, ווי פון א בלום, אָט דאָס אייגענ־טימליכע, מיט וועלכען ער איז אָנגעזאַפּט.

דער גערטנער וועט מיט צוגעמאכטע אויגען דערקענען יעדע בלום אָן איהר אייגענטימליכען דופט.

דער אינטעליגענטער לעזער, וועלכער איז באַקאַנט, וועלען מיר זאָגען, מיט דער רוסישער ליטעראַטור, וועט באַלד דערקענען א קאַפּיטעל פון טאָלסטאָי׳ס א ווערק, ווען אויף איהם זאָל אפילו ניט אָנגעגעבען ווערען דער נאָמען פון דעם גרויסען שריפט־שטעלער.

אזוי וועט ער אויך דערקענען א קאַפּיטעל פון טורגעניעוו׳ן, צי פון טשעכאָוו׳ן, צי פון דאָסטאָיעווסקי׳ן און פון אנדערע אזעלכע שריפטשטעלער, ווען אויף די דאָזיגע קאַפּיטלען זאָלען אפילו ניט אָנגעגעבען ווערען זייערע נעמען.

און אזוי מסתמא וועט דער אידיש־אינטעליגענטער לעזער אויך דערקענען יעדען פון זיינע טאַלאַנטירטע שריפטשטעלער נאָך דער אייגענטימליכקייט פון יעדענס טאַלאַנט, נאָך דעם באַזונ־דערען ריח און קאָליר, וואָס יעדער פון די דאָזיגע טאַלאַנטען הויכט און שטראַהלט ארויס פון זיך.

דעם ניט־טאלאנט און דעם נאכאמער איז אלע מאל שווערער צו דערקאנען. פשוט דערפאר, ווייל ער האט ניט זיין אייגענעם פנים, ווייל איהם פעהלט יענע באזונדערע אייגענטימליכקייט פון דעם אמת'ן טאלאנט, וואס לעגט אוועק איהר שטעמפעל אויף זיין שאפען.

אזוי לאזט זיך דערקאנען יעדער אמת'ער טאלאנט, צו וועל־כען געביט פון קונסט ער זאל ניט געהערען, אויך דער טאלאנט אויף דעם געביט פון שוישפיל־קונסט.

איך שטעל זיך דערפאר אפ אויף דעם דאזיגען פונקט, ווייל ביי אונז איז אנגענומען, סיי צווישען דעם אזוי גערופענעם אינ־טעליגענטען טעאטער־באזוכער, סיי צווישען אונזערע אקטיארען אליין און סיי צווישען אונזערע ששים רבוא טעאטער קריטיקער (און אפשר נאך מעהר, ווער קאן זיי אלע איבערצעהלען!), אז נאר יענער אקטיאר ווייזט ארויס קינסטלערישען טאלאנט, וועלכער איז אין יעדער ראל אן אנדערער, ניט נאר מיט זיין פנים, נאר אויך מיט זיין קול, מיט זיין טאן און באטאנונג און אזוי וויטער.

ערשט די טעג מאכט צו מיר איינער פון די דאזיגע ששים רבוא טעאטער קריטיקער אונזערע, אז ער האלט ניט פיל פון אדלער'ן, מחמת אין אלע זיינע ראלען האט מען איהם באלד גע־קאנט דערקאנען אן זיין קול און אן זיינע מאניערען.

וואלט די פעהיגקייט צו ענדערען דעם קול געווען א סימן פון שוישפילערישער קונסט, וואלט דער בויך־רעדנער געווען דער גרעסטער קינסטלער.

איך דערמאן זיך: פאר־א־יאהרען זומער, ווען איך בין גע־ווען אין די בערג, האט איינער אזא בויך־רעדנער איבערראשט אלע וויבער פון דעם זומער־פלאץ, וואו איך בין איינגעשטאנען, מיט זיין קונסט.

ער האט דארט געגעבען א פארשטעלונג פון זיין קונסט.

און מיט וויפיל שטימען ער האט גערעדט! ווי גרינג ער האט זיין קול געענדערט! דא האט א פאפוגאי געשריען, באלד האט א קאץ גימיאוקעט, און אין א ווילע ארום האט א גרויסער

הונט געבילט און באַלד — אַ קליין הינטעלע אויפ'ן קוויטש. און מיט אמאָל האָט גאָר אַ אידענע גענומען געהן צו קינד, און דער ערשטער געשריי פון אַן ערשט־געבוירענעם קינד האָט זיך דער־הערט. און דערמיט האָט זיך זיין „קונסט" נאָך לאַנג ניט אויס־געשעפּט. אַ מיידעל האָט זיך נאָך געקריגט מיט אַ בחור, אַ כלה מיט אַ חתן... אַן אַלטער מאַן האָט זיך אין באָד אויפ'ן פּאָל געפּארעט, און אַזוי ווייטער — דעם דאָזיגען מין „קונסט" וואָלט מען מיט גאַנצע עמערס ביי איהם ניט געקאָנט אויסשעפּען...

זיינען טאַקע די ווייבער שטאַרק נתפּעל געוואָרען פון דעם דאָזיגען בויך־רעדנער־קינסטלער. און איינע פון זיי האָט טאַקע אויסגעשריען:

— מיסטער, אַ לעבען אויף אייך, פאַרוואָס געהט איהר ניט אויפ'ן „סטעידזש"? איהר זיינט דאָך אזא קינצלער, לעבען זאָלט איהר!

אזא מין „קונץ" וואָלט אדלער ניט געקאָנט באַווייזען. מען האָט איהם אלע מאָל דערקאָנט. ווי מען דערקאָנט יעדען אמת'ן קינסטלער, יעדען אמת'ן טאַלאַנט, ווי מען האָט דערקאָנט אָרליע־נעוו'ן, בראַוויטש'ן, שילדקרויט'ן. ווי מען האָט שטענדיג געקאָנט דערקאָנען די גרויסע דייטשע קינסטלערין אַגנעס זאָרמאַ, וועלכע איך האָב דאָ געזעהן עטליכע מאָל אין דעם אַמאָליגען דייטשען אוירווינג פּליים טעאַטער אין פאַרשיידענע ראָלען; ווי מען האָט געקאָנט דערקאָנען די פאַרשטאָרבענע קאָמיסאַרזשעווסקאַיא, וועל־כע איך האָב דאָ אויך געזעהן אין פאַרשיידענע פּיעסען; ווי מען קאָן שטענדיג דערקאָנען די איטאַליענישע מימי אגוליא און אונ־זערע אייגענע אידישע ארטיסטקעס, — קורץ, יעדען אמת'ן טאַ־לאַנט, וואָס האָט און פאַרמאָגט זיין באַזונדערע אייגענטימליכ־קייט, זיין באַזונדער פאַרב און ריח, מיט איין וואָרט, זיין באַ־זונדערען גייסטיגען פּנים...

און אַנדערש קאָן דאָך ניט זיין. דער שוישפּילער איז דאָך ניט אַ מין כאַמעליאָן, וואָס ווייזט כסדר אַנדערע פּנימ'ער, און

איז ניט אַ מין גראַמאָפאָן, וואָס האָט נאָר די איינציגע עובֿדה אַרויסצורעדן אָדער אַרויסצוזינגען פרעמדע שטימען.

אמת, אין זיין שפּילן דריקט ער שטענדיג אויס אַ לעבן פון אַן אַנדערן, ליידן און קאַמף פון אַן אַנדערנס לעבן, אָבער דערמיט איז ער דאָך טאַקע דער קינסטלער, וואָס ער דריקט עס אַלצדינג אויס דורך זיין לעבעדיגען וועזן אַליין — דורך זיין בלוט און גייסט, דורך זיין טעמפּעראַמענט, דערמיט, וואָס ער לעגט אַרויף אויף דעם אַלעם דעם שטעמפּעל פון זיין גייסט...

די ווערטער און די האַנדלונגען, די געפיהלען און די געדאַנקען פון דעם ווערק, וואָס זיי זיינען אַן אויסגוס פון דעם פאַרפאַסער'ס פערזענליכקייט, באַפרוכפּערט דער אַרטיסט מיט דעם זאַפט פון זיין אייגענעם גייסט, פון זיין אייגענעם האַרץ און מוח, און פון דער דאָזיגער באַהעפטונג פון דעם אַקטיאָר'ס גייסט מיט דעם פאַרפאַסער'ס, ווערט באַשאַפען די געשטאַלט, וועלכע טראָגט אויף זיך די אייגענטימליכקייט פון דעם פאַרפאַסער און פון דעם אַקטיאָר.

דערפאַר וועט די זעלביגע פּיעסע, אָדער ראָל, געשפּילט פון צוויי פאַרשיידענע אַקטיאָרען, שטענדיג אויסקומען אַנדערש, אויב נאָר די אַקטיאָרען זיינען אמת'ע טאַלאַנטען.

ווייל יעדער פון זיי וועט אָפּשטעמפּלען אויף איהר זיין באַזונדערען גייסטיגען פּנים, וועט זי באַפאַרבען מיט זיין באַזונדערען קאָליר, וועט זי באַהויכען מיט זיין באַזונדערען ריח, קורץ, וועט אויף איהר אַרויפלעגען זיין באַזונדערע אייגענטימליכקייט.

דער אַקטיאָר אָהן טאַלאַנט וועט אַלע מאָל קאָנען לייכטער נאָכשפּילען אַן אַנדערען, איידער דער טאַלאַנטירטער אַקטיאָר, וואָס האָט זיין אייגען פּנים.

דריי אַקטיאָרען האָב איך געזעהן אין שיילאָק — שילדקרויט'ן, פּאַסאַרט'ן און אַדלער'ן. דאַכט זיך, זיי אַלע האָבען גערעדט די זעלביגע ווערטער, דורכגעמאַכט די אייגענע האַנדלונג, און ווי פאַרשיידען די דריי שיילאָקס זיינען געוועזן! יעדער שיילאָק באַ־

זונדער, הגם ער איז געווען שײלאָק פון דעם זעלבען שעקספּיר, האָט דאָך אויף זיך געטראָגען די באַזונדערע אייגענטימליכקייט פון יעדען פון די דאָזיגע דריי ארטיסטען באַזונדער, אָן וועלכע מען האָט זיי שטענדיג דערקאָנט...

אזוי האָב איך געזעהן „נאָרא", געשפּילט פון פארשיידענע באַריהמטע ארטיסטקעס — ווי אַגנעס זארמא, קאָמיסארזשעווסקאַיא און נאָך אַזעלכע, און ווידער — די אייגענע „נאָרא" פון איבסען, דאכט זיך, און דאָך האָט יעדע פון די דאָזיגע גרויסע ארטיסטקעס איהר באַזונדערען שטעמפּעל אויף איהר „נאָרא" ארויפגעלעגט, ווען זי איז אין איהר אויפגעטראָטען.

מאָגולעסקאָ, ווי אויסגעצייכענט ער האָט ניט געשפּילט א פּרויענצימער, יענע אָבער, וועלכע האָבען איהם געזעהן אין אַנדערע ראָלען, האָבען גלייך דערשמעקט מאָגולעסקאָ'ן אין דער פּרויענצימער. אָן דעם וואונדערליכען מאָגולעסקאָ דופט האָבען זיי איהם דערשמעקט, אָן זיין באַזונדערען אייגענטימליכען חן...

אזוי האָט מען אדלער'ן שטענדיג דערקאָנט ,ווי ער האָט זיך ניט גרימירט. א מענשען, וואָס האָט זיין אייגענעם פּנים, דערקאָנט מען. אזוי אויך דעם קינסטלער אויף יעדען געביט פון קונסט.

איך האָב געהאַלטען פאר נויטיג אָפּצושטעלען זיך אזוי פיל אויף דעם דאָזיגען פּונקט, כדי אויפצוקלערען דעם טעות, וואָס כמעט אַלע מאַכען איהם: אז א ביהנע־קינסטלער שפּילט אזוי, אז מען דערקאָנט איהם ניט. אזא מיינונג קאָנען נאָר האָבען די ווייבער, וואָס זיינען באַגייסטערט געוואָרען פון די קונצען פון דעם בויך־רעדנער...

ניין, דעם אמת'ן קינסטלער דערקאָנט מען שטענדיג...

דערפאר איז די טענה, אז אדלער איז שטענדיג געווען אדלער, אז מען האָט איהם שטענדיג דערקאָנט, ווי נאָר ער איז ארויסגעטראָטען אויף דער ביהנע, טאקע דער בעסטער באַווייז פאר זיין טאַלאַנט.

.9

ווי אזוי ער האָט געשפּילט טאָלסטאָי׳ס „לעבעדיגער מת״, די פּיעסע, וועלכע איז אויף דער אידישע ביהנע אויפגעפיהרט געוואָרען פריהער איידער אויף וועלכער ניט איז אנדערער ביהנע, און ווי מען פאַר־שטעהט ביי אונז קאָמעדיע.

זעהר גוט איז ער געווען אין כאַראַקטער ראָלען, ווי, אגב, יעדער פון אונזערע אמאָליגע באַריהמטע אַרטיסטען. זיין טראַגי קאָמישער משה אַלטער פון „מינא״ איז אַ מייסטערווערק.

ער האָט שטענדיג געהאַט דעם הומאָר, און ווען מען האָט געדאַרפט, דעם נאַאיווען טאָן, וואָס זאָל איהם אויסדריקען, און אויף די תמ׳עוואַטע מאַסקע.

זיין חסרון איז אָבער געווען, וואָס ער האָט אמאָל באַנוצט דעם שטיפערישען טאָן אַנשטאַט דעם נאַאיווען און די שטיפע־רישע מאַסקע אַנשטאַט דער תמ׳עוואַטער, און דעמאָלט איז ביי איהם אַרויסגעקומען אַנשטאַט כאַראַקטער־הומאָר — פאַרס־הומאָר.

אַזאַ שטיפערישען טאָן און מאַסקע, געדענק איך, האָט ער אמאָל אָנגעווענדעט, בשעת ער האָט געשפּילט שלום עליכם׳ס „יכנהז״. דער קאָמיקער בערנשטיין האָט דאַן מיט איהם גע־שפּילט אין יענער פּיעסע. האָט ער זיך יעדע ווייל אַ כאַפּ געטאָן צו בערנשטיינ׳ען מיט אַ שטיפערישען געשריי:

— האַלט מיך צו!

דער עולם אינ׳ם טעאַטער האָט שטאַרק געלאַכט. אָבער זיין געלעכטער האָט אַרויסגערופען אַלדער ניט מיט׳ן נאַאיווען, דאָס מיינט אויף ערנסטען טאָן פון כאַראַקטער־הומאָר, נאָר מיט׳ן שטיפערישען, חוזק־טאָן פון פאַרס־הומאָר.

דעם זעלביגען טאָן האָט ער אויך באַנוצט, ווען ער און קעס־לער זיינען פאַר עטליכע יאָהרען אַרויסגעטראָטען אינאיינעם מיט טאָמאַשעווסקי׳ן אין מיין טראַגי־קאָמעדיע „בריטש אָוו פּראָמיס״, בשעת זיי האָבען זיך אַלע פאַראייניגט, צו באַקעמפען דעם דאַ־מאָלסדיגען סטרייק פון די אַקטיאָרען.

וועגען דעם האָב איך אין אַ פריהעריגען קאַפּיטעל געשריבען.

אַדלער איז דאָרט ארויסגעטראָטען אין אַ ראָל, אין וועלכער לעאָן בלאַנק האָט פריהער גרויס אויפזעהן געמאַכט. איך בין זיכער, אז ער וואָלט זיך ניט ווענינער געקאָנט אויסצייכענען אין איהר. האָט ער אָבער אָנגעשלאָגען אין איהר אַ שטיפערישען חוזק־טאָן, פּונקט ווי קעסלער אין זיין ראָל, מחמת זיי ביידע האָבען געוואָלט פאַר׳חוזק׳ן די פּיעסע, אין וועלכער טאָמאַשעווסקי האָט די הויפּט־ראָל פון בערטשיק׳ן זעהר שעהן געשפּילט. און דער דאָזיגער שטיפערישער חוזק־טאָן האָט דאָן געגעבען דער פּיעסע, וועלכע האָט פריהער אויסגענומען ביי אַלעמען אַלס ערנסטע טראַגי־קאָמעדיע, אַ פּנים פון אַ ביליגען פאַרס...

אויף דער אידישער ביהנע, וואו דער רעזשיסאָר האָט געפעהלט, האָט דער ניט ריכטיגער טאָן ניט איינמאָל פאַרוואַנדעלט אַ דראַמע אין אַ מעלאָדראַמע און אַ קאָמעדיע — אין אַ פאַרס.

בכלל, האָט אַדלער געהאַלטען, אַז עס איז אונטער זיין ווירדע צו שפּילען אַ קאָמישע פיגור. דאָס האָט זיך גענומען דערפון, מחמת מען האָט זיך ביי אונז איינגערעדט, אַז קאָמעדיע איז אַ נידעריגערע קונסט איידער דראַמע.

האָט דאָך גאָר ערשט ניט לאַנג איינער פון אונזערע קריטיקער, לויבענדיג אין זיין ציימונג אַ געוויסע פּיעסע, זיך אויסגעדריקט:

„נאַטירליך, ערנסט דאַרף מען זי (די פּיעסע) ניט נעמען. נאָך אַלעמען איז זי ניט מעהר ווי אַ קאָמעדיע“...

אַזאַ מיינונג האָט אַדלער אויך געהאַט וועגען קאָמעדיע. און ער האָט ניט געוואָלט, מען זאָל איהם ניט נעמען ערנסט, ווען ער איז אויף דער ביהנע.

איז ער דערפאַר שטענדיג ארויסגעטראָטען אין ערנסטע ראָלען.

ער, ווי דער גאַנצער פריהערדיגער דור פון אונזערע אַרטיסטען־פּיאָנערען, האָט געמוזט האָבען פּיעסען מיט שטאַרקע און טיפע איבערלעבונגען, כדי צו שטילען זיין גרויסען טעמפּע־

ראַמענט און כדי צופרידענצושטעלן זיינע גרויסע אַרטיסטישע כחות. ער, ווי קעסלער און די אַנדערע פון זיין דור, איז אויך געווען אַ גרויסע שיף, וואָס האָט געמוזט האָבן גרויסע און טיפע וואַסערן, כדי צו קאָנען זיך באַוועגן. אין אַ קליין טייכעל וואָלט ער זיך אויך ניט געקאָנט אַ ריהר טאָן. אַ וואַסער, וואָס וואָלט אַן אַנדער אַקטיאָר געווען איבער׳ן קאָפּ, האָט איהם ניט דערגרייכט ביז די קניע.

ער דערצעהלט מיר אַמאָל:

— אַ ליטעראַט האָט מיר געבראַכט אַ פּיעסע. אַ גאַנץ נישקשה׳דיגע פּיעסעלע, אָבער דער חסרון איז, וואָס דאָס איז אַ שעהן שיכעלע פאַר אַ בייבי, ניט פאַר מיין פוס...

און ניט דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געקענט שטיל שפּילען האָט ער געמוזט האָבען די פּיעסע מיט דער שטאַרקער האַנדלונג, ווי איך שטוים זיך אָן, אַנדערע וועלען זאָגען...

אמת, ער האָט אויף דער ביהנע אָפט הויך געשריען, אָפט צו־הויך געוויינט, אַמאָל צופיל געגוואַלדעוועט און מעלאָדראַמאַ־טעוועט, האָט זיך געדאַכט; אָבער אין זיין געשריי, ווי הויך ער איז ניט געווען, האָט זיך תמיד די פאַרצווייפלונג פון אַ לעבע־דיגען מענשען מיט אַ גרויסען טעמפּעראַמענט געפיהלט.

בלוט, אמת׳ע, רויטע, שטורמדיגע בלוט, האָט אין זיין גע־שריי געשריען. ס׳רוב איז דאָס געווען יענער מין געשריי, מיט וועלכע די אַמאָליגע סאַראַ בערנאַרד האָט אַנגעוואָרפען אַ פּחד אויף איהר עולם, צי די היינטיגע מימי אַגוליאַ.

אגב, אָן דעם געשריי און אויך אָן דעם געלעכטער פון אַן אַקטיאָר, קאָנט איהר כמעט אַלע מאָל דערשפּירען, צי ער האָט טאַלאַנט, אָדער ניט.

דער געשריי פון דעם אמת׳ען טאַלאַנט רייסט זיך אַלע מאָל אַרויס מיט ברענענדיגע שטיקער נשמה, דערפאַר ערשיטערט ער אונז אַזוי; און שרייט דער ניט־טאַלאַנט, שלאָגט זיך אָן תמיד זיין קול אַזוי ווי אָן בלעך...

דערפאר מאכט ער שטענדיג אויף אונז אַן אומאנגענעמען איינדרוק.

דאָס איינענע מיט'ן געלעכטער. דאָס געלעכטער פון דעם טאלאנט איז תמיד נשמה'דיג און איז דערפאר שטענדיג אָנ־שטעקענד. און דאָס געלעכטער פון דעם ניט־טאלאנט איז תמיד בלעך.

דאָס האָב איך שטענדיג באמערקט אין אַלע מיינע יאָהרען, זינט איך בין געקומען אין באריהרונג מיט דער אידישער ביהנע.

איך קאָן אקטיאָרען, וואָס כל זמן די סיטואַציעס און די „פראָזע" לאַכען פאר זיי, לאכט דער עולם. פּרואווען זיי אָבער צו לאַכען אַליין, דאַן . . . סיידען מען זאָל זיי א קיצעל טאָן אונטער די פּאכוועס. זיי לאַכען, ווי בלעבענע קנעפּלאך...

ביי אדלער'ן, סיי אין זיין געשריי און סיי אין זיין געלעכ־טער, האָט זיך אַלע מאָל געפיהלט דער לעבעדיגער קינסטלער, דער לעבעדיגער טאלאנט.

אָבער ניט אין זיין געשריי און זיין געלעכטער אליין האָט זיך זיין טאלאנט געלאָזט פיהלען, נאָר אין זיין שווייגען אויך. אפשר אין זיין שווייגען נאָך מעהר.

ער האָט געקאָנט שווייגען, ווי זעלטען ווער אויף אונזער ביהנע. איך דערמאָן זיך אָן זיין שווייגען אין טאָלסטאָי'ס „לע־בעדיגען מת", אין גאָרדינ'ס „דער פרעמדער" און נאָך אין א סך אנדערע פּיעסען, אין וועלכע איך האָב איהם געזעהן.

ווי טראגיש זיין שטומער שווייגען האָט דאַן געשריען, זיין בליק, זיין מינע און זיין גאנצע געשטאַלט!

אָט זעה איך איהם אַלס פּראָטאסאָוו אין דעם „לעבעדיגען מת". קיין איין הויכען געשריי לאָזט ער דאָרט ניט ארויס. שטיל, מיט א פיינער צוריקגעהאלטענקייט און מיט א שטילען שפּאָטיש־פילאָזאָפישען שמייכעל אויף דער גאנצער וועלט באַ־וועגט זיך אדלער־פּראָטאסאָוו איבער דער ביהנע און זעהט אויס יעדער אינטש דער פריהערדיגער רוסישער אריסטאָקראַט, וועלכער זוכט א וועלכען־ניט־איז אינהאלט פאר זיין פוסטען לעבען אין

די הוליאַנקעס צווישען די ציגיינער, אין זיין ליבע צו דער ציגיינערין מאַשאַ און אין דער געזעלשאַפט צווישען די שכורים אינ׳ם שענק.

און אָט זיצט ער אינ׳ם שענק ביי אַ טיש און דערצעהלט פאַר אַ פּאָר מיטטרינקער זיין לאַנגע געשיכטע, ווי אַזוי ער איז געוואָרען אַ לעבעדיגער מת.

ווי שטיל ער דערצעהלט זיין געשיכטע. מיט וואָס פאַר אַ פּיינע און וויבע, און פאַר׳חלומ׳טע, און אויך שפּאָטישע טענער ער דערצעהלט זיי וועגען זיין לעבען.

און די שפּעטערדיגע סצענע ביים סליעדאָוואַטעל, ווי אַזוי ער האָט זיך געהאַלטען אַלס אָנגעקלאָגטער, און ווען ער האָט זיך דאָרט געטראָפען מיט זיין אַריסטאָקראַטישער פרוי, וועלכע איז פאַרהייראַט געוועזען פאַר אַן אַנדערען, מחמת זי האָט געמיינט, אַז ער איז געשטאָרבען... ווי זיינע אויגען האָבען געקוקט אויף איהר, ווי זיי האָבען זיך געבעטען ביי איהר, אַז זי זאָל איהם מוחל זיין, — וואָס פאַר אַ שטילער, שטומער שפּיל דאָס איז געווען, ווי פול מיט עכטען נשמה־ליריזם!

אפילו דער אופן, ווי אַזוי ער האָט זיך דאָרט דערשאָסען, האָט ניט צושטערט די שטילע נשמה־שטימונג.

שטיל, ווי אַ שאָטען, האָט ער זיך אָפּגעטראָגען, און אַ שאָס האָט זיך דערהערט...

אַזוי האָט אַדלער געקאָנט אויך שטיל שפּילען...

אגב, וועגען דער פּיעסע „דער לעבעדיגער מת“.

אויף דער אידישער ביהנע איז זי פריהער אויפגעפיהרט געוואָרען איידער אויף וועלכער־ניט־איז אַנדערע ביהנע, אפילו דער רוסישער.

די פּיעסע האָט זיך אָפּגעדרוקט אין איין נומער פון דעם רוסישען זשורנאַל „ניוואַ“.

ווען דער דאָזיגער נומער מיט דער פּיעסע איז אַהער אָנגעקומען, האָט אַדלער גלייך ביי מיר באַשטעלט זי צו איבערזעצען.

ווען איך בין פאַרטיג געוואָרען מיט דער איבערזעצונג, האָט

ער זי באַלד אויפגעפיהרט אין טהאַליאַ טעאַטער, וואו זי האָט געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג.

דערביי איז כאַראַקטעריסטיש אַזאַ פאַקט: שפּעטער, אַז מען האָט די פּיעסע אויפגעפיהרט אויך אויף אַנדערע ביהנעס, סיי אויף די רוסישע און סיי אויף די דייטשע, האָט דער באַ־וואוסטער רוסישער זשורנאַל „טעאַטער אי איסקוסטוואָ“ אָפּגעדרוקט בילדער פון די פאַרשיידענע „פּראָטאַסאָווס“, וועלכע זיינען געשפּילט געוואָרען פון די באַריהמטעסטע אַרטיסטען.

זייענדיג אַ שטענדיגער אבאָנענט פון דעם דאָזיגען זשור־נאַל, האָב איך נאָכגעפאָלגט די אַלע בילדער פון פּראָטאַסאָוו׳ן, און איך וויל זאָגען, אַז לויט די בילדער, זיינען אַ סך עהנליך געווען צו אַדלער־פּראָטאַסאָוו, אָבער קיין איינער פון זיי האָט ניט אויסגעקוקט אַזאַ לעבעדיגער פּראָטאַסאָוו ווי ער...

פון דעם האָט מען געקאָנט זעהן, וואָס פאַר אַ קינסטלער ער איז געווען אין גרימירען זיך און וואָס פאַר אַ פאַנטאַזיע ער האָט געהאַט.

## 10.

**ווי אַקטיאָרען האָבען זיך געריכט צו קריגען ביי מיר נייע קאַפּעליושען.**

נאָך מעהר ווי אין׳ם „לעבעדיגען מת“ האָט זיך אַדלער אויסגעצייכענט אין מיין אַרבייטער־דראַמע „שונאים“, וועלכע ער האָט דערנאָך, אין דעמזעלבען סעזאָן (1912) אויפגעפיהרט אין׳ם טהאַליאַ טעאַטער.

די דאָזיגע פּיעסע, וועלכע איך האָב דראַמאַטיזירט פון מיין ערצעהלונג „קאַרל מאַרקס“, האָב איך פאַר איהם געלייענט נאָך איידער איך האָב איבערזעצט פאַר איהם דעם „לעבעדיגען מת“, ער האָט אָבער קיין חשק ניט געהאַט זי אויפצופיהרען.

מחמת אַ פּיעסע פון׳ם אַרבייטער־לעבען איז בכלל קיינמאָל ניט געווען קיין „קוראַנטער“ אַרטיקעל פאַר די אידישע מענע־דזשערס און סטאַרס, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז דער אידישער עולם וויל זעהן שעהנערע מענשען אויף דער ביהנע, איידער

אַרבײטער. בפרט נאָך האָט די דאָזיגע פּיעסע ניט געקאָנט זײַן צום האַרצען אַזאַ אַקטיאָר װי אַדלער'ן.

ער, װעלכער איז געװאױנט געװען צו שפּילען דעם שעהנעם, בכבוד'ען אידען אויף דער ביהנע, װעניגסטענס, שטענדיג דעם געראַכטען, האָט קײן חשק ניט געהאַט אױפצוטרעטען אין אַ ראָל פון אַ מין „צודרעהטען" אַרבײטער, אַ סאָציאַליסט, װעלכער פיהרט אָן אַ סטרײַק בײַ זײַן אײגענעם ברודער אין שאַפּ, און דוקא בײַ אַ ברודער, װאָס װיל זײַן גוט צו איהם.

— װער װעט סימפּאַטיזירען מיט אַזאַ מענשען? — האָט ער מיר דאַן געזאָגט — און, איבערהױפּט, װער װיל דאָס זעהן אַן אַרבײטער־פּיעסע אױף דער ביהנע?...

און די דאָזיגע פּיעסע האָט זיך מיר באַזונדערס געװאָלט זעהן אױפגעפיהרט.

מיר איז ליב געװען דער הױפּט־העלד פון דער פּיעסע. מיר איז ליב געװען דער דאָזיגער אַרבײטער זשעק, דער טרױמער, דער שטאַרקער פּראָטעסטירענדער גײסט, װאָס האָט כמעט גאַנץ אַלײן אָנגעפיהרט אַ קאַמף געגען אַ גאַנצער װעלט אין'ם נאָמען פון זײַן גלױבען ,פון זײַן אידעאַל.

אַזעלכע מענשען, מיט פײַער אין זײער בלוט, מיט'ן שעה־נעם חלום אין זײערע דרײסטע אױגען און מיט שטאָל אַרום זײער נאַקען, זײַנען אַלע מאָל מײַן שװאַכקײט געװען.

דעם שװאַכען מענשעל, דער קריכענדיגען װאָרים, האָב איך אַלע מאָל פײַנט געהאַט. אויך האָב איך קײנמאָל ניט ליב גע־האַט דעם שטאַרקערען, װען ער האָט זײַן שטאַרקײט אױסגענוצט נאָר פאַר זײַן אײגענעם תכלית...

דזשעק פון מײַנע „שונאים" איז אָבער געװען אַ מענש פון אַ גאַנץ באַזונדערען שניט, װאָס אַזעלכע האָב איך אין'ם לעבען באַזונדערס ליב געהאַט. דערפאַר האָב איך איהם געװאָלט אַזױ זעהן אױף דער ביהנע פאַרקערפּערט.

צום סוף האָט אַדלער ריזיקירט...

דאָס איז געװען, װען ער האָט אױפגעפיהרט, נאָך דעם

„לעבעדיגען מת“, א פּאָר אַנדערע פּיעסען און זיי זיינען דורכ־געפאַלען, האָט ער דאַן אָנגעהויבען ווידער צו אונטערהאנדלען מיט מיר וועגען מיינע „שונאים“.

און עס איז געבליבען ביי אונז, אז מיר זאָלען מאכען אַן עפּענטליכע פאָרלעזונג פון דער פּיעסע ערגעץ אין א האָל און דאַן וועלען מיר זעהן, ווי דער עולם וועט זי אויפנעהמען...

איינער פון די אידישע סאָציאַליסטישע דיסטריקטען האָט דערנאָך גענומען דעם קלינטאָן האָל און האָט אַנאָנסירט די פאָרלעזונג.

די דאָזיגע פאָרלעזונג האָט אריינגעבראכט היבשע עטליכע דאָלאַר יענעם דיסטריקט, מחמת דער האָל איז געווען איבער־געפּאקט.

און הגם עס איז אַנאָנסירט געוואָרען, אז אדלער וועט פאָר־לייענען צוזאַמען מיט מיר, האָב איך אַליין פאָרגעלייענט.

די פּיעסע האָט שטארק אויסגענומען ביים עולם.

— נו, וואָס וועט איהר עפּעס איצט זאָגען? — רוף איך זיך אָן צו אדלער׳ן, בשעת מיר זיינען געגאַנגען פון׳ם האָל.

ענטפערט ער מיר:

— איהר האָט גענומען דעם עולם מיט אייער לעזען... איהר זייט א צו־גוטער פאָרלעזער, דערפאַר האָט מען אייך אַזוי אַפּלאָדירט...

זיין אַלטע טענה!...

און ווידער האָט זיך אריינגעמישט מאָשקאָוויטש און אויך איוואַן אייבראַמסאָן, דער היינטיגער קינעמאַטאָגראַף־דירעקטאָר, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אדלער׳ס מענעדזשער.

ער האָט זיך אָנגערופען צו אדלער׳ן:

— זאָלען מיר פּרוּוון. עטליכע „איינּנאַמען“ וועט דאָך קאָברין׳ס א פּיעסע אונז אריינברענגען.

א דאַנק גאָט, אָפּגעמאכט, אונטערגעשריבען דעם קאָנטראַקט און מען הויבט אָן צו מאכען „פּראָבע“.

ביי די פּראָבען ווייזט ניט אדלער ארויס דעם מינדעסטען

אינטערעס צו דער פיעסע. זיצט אזוי גלייכגילטיג, ווי דער גאנצער עסק וואלט איהם ניט אנגעגאנגען.

געוועהנליך, אז ער האט אויפגעפיהרט א נייע פיעסע, האט ער געארבייט טאג און נאכט, גאנצע העפטען באשריבען מיט באמערקונגען, וואס האבען א שייכות געהאט מיט זיין ראל; געשטראכען אנדערע ראלען, געענדערט „פראזא“ אין דעם טעקסט, קורץ, ער איז פול געווען מיט דער אויפפיהרונג.

ביי „שונאים“ אבער האט ער זיך כמעט אינגאנצען ניט געמישט; ניט אנגעריהרט ניט די ראלען און ניט דעם טעקסט פון דער פיעסע, האט נאכגעזאגט די „פראזא“ פון זיין ראל נאך דעם סופליאר אהן חשק און מען האט בפירוש געקאנט זעהן, אז ער האלט די פיעסע פאר א גאסט אויף א ווייל, וועלכען מען דארף ווי עס איז איבערקומען... .

מיר איז, אמת, ניט גאר פרעהליך אויפ׳ן הארצען. דאך טרייסט איך זיך: איך האב שוין געזעהן אזעלכע זאכען, ווען ביי די פראבען איז די פיעסע א דורכפאל געווען און אויף דער ביהנע האט זי דערנאך געהאט דעם גרעסטען ערפאלג. בפרט האב איך געגלויבט, אז די דאזיגע פיעסע האט געמוזט האבען ערפאלג.

אויך מאשקאוויטש גלויבט אין דער פיעסע. ער זאגט מיר:

— האט ניט מורא, איהר וועט זעהן ווי מען וועט זיך צעוואַרימען ביי דער גענעראל־פראבע!...

קומט אן יענער פרייטאג, ווען די ערשטע פארשטעלונג דארף פארקומען. אין דער פריה איז די גענעראל־פראבע...

קום איך אין טעאטער אין דער פריה. געוועהנליך, מאכט מען גענעראל־פראבעס מיט די נייע סצענעריס, וועלכע מען זעהט דערנאך, בשעת מען שפילט די פיעסע פאר׳ן עולם.

ווייזט זיך ארויס, אז מען האט גאר אינגאנצען קיין נייע סצענעריס פאר דער פיעסע ניט געמאכט. מען האט צונויפגעשטעלט א פאר אלטע סצענעריס, וועלכע האבען באלאנגט צו אנדערע פיעסען.

פרעג איך ביי אַדלער׳ן: היתכן?

ענטפערט ער מיר גאַנץ אָפּענהערציג:

— איך האָב ניט קיין געלט אויף אַרויסצוּוואַרפען...

נעה איך דערנאָך צו מאַשקאָוויטש׳ען, ערשט ער האָט שוין אויך פאַרלאָרען דעם קוראַזש. ער מאַכט צו מיר:

— שלעכט, קאַברין!...

אָבער איך גיב זיך ניט אונטער. איך זאָג צו איהם:

— איך׳ל שפּעטער לאַכען פון אייך אַלעמען...

הויבט זיך אָן די גענעראַל־פּראָבע. עס שטעלט פאַר דעם אָפּיס פון אַ קלאָוק־מאַנופעקטשורער, וואָס מאַשקאָוויטש שפּילט איהם. פון הינטען איז דער שאַפּ.

דערהערט זיך דער טומעל פון די ארבייטער אינ׳ם שאַפּ, וועלכע גרייטען זיך צו אַ סטרייק. צווישען זיי זיינען רובין, מייזעל, קעשיר, וויינטרויב, וועקסלער און נאָך אַנדערע, און זייערע שטימען טראָגען זיך אַרויף אויף דער ביהנע מיט פּראָטעסט.

עס ווערט לעבעדיגער אַרום. מיין גלויבען אין דער פּיעסע ווערט פעסטער.

און דאָ קומט אַריין דער סטרייק־קאָמיטעט צום באָס אין אָפּיס, מאַשקאָוויטש ווערט אויך לעבעדיגער און מיט זיין שפּילען הויבט ער אויף נאָך מעהר די שטימונג...

זאָג איך איהם ווידער, נאָך מיט מעהר זיכערקייט:

— איך וועל לאַכען פון אייך!...

פּלוצים דערהער איך הינטער זיך, ווי אייבראַמסאָן שמועסט זיך דורך מיט אַדלער׳ן:

— מען דאַרף האָבען אַ פּאָר פיגורען פאַר דעם מאַנופעקטשורער׳ס אָפּיס, — רעדט אייבראַמסאָן.

— נעהמט ערגעץ אויף פּראָקאַט. ניט אויסגעבען קיין געלט, ווייל נעקסטע וואָך וועלען מיר מוזען שפּילען אַן אַנדער פּיעסע, — ענטפערט איהם אַדלער.

אַז איך דערהער עס, טו איך זיך אַ קער צו אַדלער׳ן און רוף זיך אָן:

— מיסטער אדלער, א װעט!...

— װעגען װאָס?

— אז די פּיעסע װעט האָבען ערפאָלג.

— איך װיל ניט אײער געלט, — מאַכט ער, — אז זי געהט מעהר װי צװײ װאָכען, קויף איך אײך א קאַפּעלוש.

מישט זיך ארײן אײבראַמסאָן:

— אויב דרײ װאָכען, קויף איך אײך א פינף־דאָלארדיגע העט, אַניט זאָלט איהר מיר קויפען.

— צוגעקלאפּט!...

געהען צו צו אונז די אנדערע אַקטיאָרען און יעדער פון זײ איז מוכן ומזומן צו װעטען זיך מיט מיר, דאָס הײסט, צו קריגען פון מיר א נײעם הוט. און די װאָכען שטײגען: דרײ־פיר־פינף־זעקס װאָכען; איך נעם אָן; איך זאָג זיך ניט אָפּ פון װעט...

אדלער שרײט:

— דער ליטװאַק איז משוגע געװאָרען, װאו װעט ער נעמען אזױ פיל געלט?

מאָשקאָװיטש לאַכט:

— בײ אײניגע װעט ער געװינען, בײ די אנדערע װעט ער פארשפּילען, פארלאָזט זיך אויפ׳ן ליטװאַק.

מאַכט אדלער:

— ער װעט בײ קײנעם ניט געװינען. הלואי געװינט ער...

## .11

**װי אַזױ ער האָט געשפּילט „שונאים". — די אָװאַציעס, װאָס מען האָט איהם געמאַכט.**

אדלער האָט א טעות געהאַט. דעם װעט האָב איך געװאונען. מײן פּיעסע „שונאים" איז ממש מיט שטורם אויפגענומען געװאָרען פון דעם עולם.

אַכט װאָכען איז זי געגאַנגען אין טהאַליע טעאַטער און בײ יעדער פאָרשטעלונג האָט מען אדלער׳ן געמאַכט אָװאַציעס — איהם און מאָשקאָװיטש׳ן.

זיי ביידע האָבען זיך אויסערגעוויינליך אויסגעצייכענט אין דער דאָזיגער פּיעסע — אַדלער אין דער ראָל פון דעם סטרייק־פיהרער און מאָשקאָוויטש — אין דער ראָל פון זיין ברודער דעם פאבריקאנט.

און ערשט אין דער דאָזיגער ראָל האָט זיך ארויסגעוויזען, ווי רייך אין טענער און אין קאָלירען אַדלער׳ס טאלאנט איז געווען און ווי נואנסען־רייך ער איז געווען.

זיין אָרגאַן, ווי איך האָב שוין אין אַ פריהערדיגען קאפּיטעל באמערקט, איז געווען ווייך און בויגיג צו די פארשיידענסטע טע־נער. ער האָט געהאט קאלטע, שטאָלענע טענער, וואָס זיי האָבען געשניטען ווי אַ זעג.

און ער האָט געהאט די ווייכקייט און די ווארעמקייט און די לאשטשענדיגקייט פון דער צארסטער ליבע.

ער האָט געהאט דעם צאָרן און דעם געשריי פון אַ גרויסען טעמפּעראמענט און דעם אידישען קרעכץ אין זיין קול, און די אידישע טרער אין זיין קרעכץ, וואָס האָט שטענדיג באוועגט זיינע צוהערער ביז צו טרערען.

ער האָט געהאט אַן אויג, אין וועלכען זון און וואָלקען האָבען זיך אָפּגעטונקט.

דאָס אַלצדינג האָט ער באזונדערס ארויסגעוויזען אין דער דאָזיגער פּיעסע, אין דער ראָל פון דעם ארבייטער זשעק, אָדער, ווי זיינע ברידער־ארבייטער האָבען איהם גערופען — „זשעק־קארל־מארקס״...

זיין ברודער, דער פאבריקאנט, וועלכער וויל פארמיידען דעם סטרייק ביי זיך, רופט איהם אריין פונ׳ם שאָפּ צו זיך אין אָפיס, וויל אויף איהם ווירקען, אז ער זאָל זיך אין סטרייק ניט מישען.

קומט אריין אַדלער — מיט יעדען קנייטש זיינעם אַ אידישער שניידער, אַ יוניאָן־מאַן, נאָר באשטראהלט פון אַדלער׳ס איינגע־בוירענער שעהנקייט, און די דאָזיגע שעהנקייט גיט צו נאָך מעהר פאָרנעמקייט און ווירדע דעם שטאָלצען און באוואוסטזיניגען אר־בייטער זשעק׳ן.

ער איז פארשוויצט. עס טראָגט זיך, דאַכט זיך, פון איהם דער געזוך פון פראַצע און פון דער מאַשין.

ער זעהט אויס רוהיג. מען פיהלט אָבער גלייך, אז הינטער דער דאָזיגער רוהיגקייט לויערט דער שטורם...

דיביידע ברידער קוקען זיך אָן, דער פאַבריקאַנט און דער ארבייטער. דאַן זיפצט ארויס דער ברודער, דער פאַבריקאַנט:

— ווי דו ביזט פאַרשוויצט!... און ווי דו זעהסט אויס... אי, זשעק, זשעק!...

ברעכט איהם זשעק אונטער:

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז דער באָס וויל מיך זעהן... וואָס וויל דער באָס?...

ענטפערט איהם דער ברודער מיט אויפריכטיגען געפיהל אינ'ם קול:

— איך האָב רחמנות אויף דיר, זשעק... א משוגע'נער, אָבער א לייבליכער ברודער...

— דאָס אַלץ, וואָס דו האָסט מיר געוואָלט זאָגען? — מאַכט זשעק געלאַסען און נעמט ארויס א סיגאַרעט.

— זעץ זיך, זשעק, ווילסט א סיגאַר?

זשעק קוקט איהם אָן:

— א סיגאַר? איך האָב געהערט, אַז דו האָסט ערשט קנור'ן אויך מכבד געווען מיט א סיגאַר... הם, געוואָרען גוט...

— איז דען שלעכט, אַז איך בין גוט צו מיינע ארבייטער?

ענטפערט איהם זשעק:

— עפּעס גלויב איך ניט אין דער פּלוצימדיגער גוטסקייט פון די באָסעס. א באָס, אַז ער ווערט גוט, איז ווי א קאַץ: לעקט אפריהער מיט דער צונג און גראַבעלט דערנאָך מיט די נעגעל...

זיין ברודער ווערט אויפגעבראַכט פון די דאָזיגע ווערטער און ער באַמערקט:

— רעדסט ווי אַן אמתער וואַריאַט! וואָס האָסטו צו מיר, זשעק?

— צו דיר האָב איך גאָרניט; איך האָב אָבער צום באָס.

פרעגט ביי איהם דער ברודער:

— וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט דיר דער באָס געטאָן? איך האָב דיך אַריינגענומען אין שאָפּ, ווען אין קיין אַנדערען שאָפּ האָט מען אפילו דיין דוך ניט געוואָלט האָבען; איך גיב דיר די בעסטע אַרבייט...

— צאָהלסטו אויך די בעסטע פּרייזען? איך מיין ניט דוקא מיר...

— איך צאָהל גענוג. דערווייל האָב איך נאָך ניט געהערט, אַז מיינע אַרבייטער זאָלען שטאַרבען פאַר הונגער, — ענטפערט איהם זיין ברודער.

מאַכט זשעק:

— שטאַרבען איינגאַנצען שטאַרבען זיי ניט. דאָס וואָלט זיך פאַר אייך, באָסעס, ניט געלוינט. אָבער לעבען, לעבען זיי אויך ניט. דאָס איז דאָך די קללה פון דעם אַרבייטער, וואָס ניט ער שטאַרבט און ניט ער לעבט.

ווערט זיין ברודער נאָך מעהר אויפגערעגט:

— ער האָט שוין אָנגעהויבען מיט זיין פילאָזאָפיע! ער רעדט שוין! ער רעדט!...

—רופט זיך אָן זשעק:

— קלוגע מענשען רעדען, ווייל זיי האָבען וואָס צו זאָגען.

— און נאַראָנים רעדען, ווייל זיי ווייסען ניט, אַז שווייגען איז פאַר זיי געזינטער! — שרייט איהם זיין ברודער אין פּנים אַריין.

רופט זיך אָן זשעק:

— יאָ, אַזעלכע נאַראָנים זיינען אויך דאָ. איך האָב דאָס אַליין ביי זיך געטראַכט, בשעת איך האָב דיך געהערט רעדען.

מען האָט געדאַרפט זעהן, ווי אַדלער האָט דורכגעפיהרט די דאָזיגע סצענע. וויפיל קאַלטער שפּאָט האָט אויסגעדריקט זיין יעדער טאָן, וואָס איז ווי פון שטאָל געווען אויסגעקלאַפּט און האָט געשניטען...

נאָר אָט הויבט ער אָן צו רעדען וועגען זיין זוהן, דעם סאָציאַ־

ליסטישען רעדנער, וועלכען ער רופט: „מיין לאסאל”, און ניטאָ מעהר קיין קאַלטער, שטאָלענער טאָן אין זיין קול. א הארץ וויב־רירט שוין אין זיין קול, וועלכע שלאָגט מיט הייסער ליבע, מיט פּאַטערליכען שטאָלץ און מיט כמעט חסיד'ישער פאַרגעטערונג.

אין דער דאָזיגער ראָל האָט זיך אַדלער ממש אנטפּלעקט. דעם ערשטען מאָל אין זיין רוהמפאָלער קאריערע אלס שוישפּילער האָט ער אזא מין כאראקטער געשפּילט.

און אויב ער איז איהם פרעמד און אומסימפּאַטיש געווען פריהער, איז ער איהם נאָהענט און ליב געוואָרען דערנאָך, בשעת ער האָט זיך אין איהם אריינגעלעבט אויף דער ביהנע.

די גאַנצע נשמה פון זשעק'ן האָט ער ארויסגעבראַכט, יעדען ווינקל אין איהר אויפגעדעקט.

אין די שטילע לירישע מאָמענטען איז אדלער־זשעק אזוי גרויס געווען, ווי אין די שטורעמדיגע. זיין קול, אזוי ווי זיין מינע, און אזוי ווי זיין בליק, האָט נאָכאַנאַנד אויסגעדריקט דאָ כמעט קינדערשע נאאיוויטעט און באַלד פּראַקטישע קלוגשאַפט, דאָ די זיכערקייט פון טיפען גלויבען און באַלד די פאַרצווייפלונג פון ספקות. ליבע, האַס, נצחון און יאוש — קורץ, אַלצדינג, וואָס זשעק לעבט דורך אין דעם דאָזיגען קאַמף, האָט אדלער אויסגע־דריקט אויף דעם קינסטלערישען אופן.

אין דעם ערשטען אַקט, ווען דער סטרייק ווערט ערקלערט און זשעק'ס ברודער רופט פּאָליסלייט, ווייל ער דערשרעקט זיך פאַר די סטרייקער, ווי פייערליך קלינגט דאַן אדלער־זשעק'ס קול, ווען ער ווענדט זיך צו זיין ברודער, דעם פאַבריקאַנט:

— שעפּסעל, די פּאָליסלייט קאָנען ארעסטירען ארבייטער, שפּאַלטען זייערע קעפּ, אָבער די ארבייט פון די ארבייטער וועלען זיי פאַר דיר ניט קאָנען מאַכען, געדענק!...

אמת גרויס איז ער געווען אין דעם מאָמענט, בעת ער טרעפט זיך מיט זיין ברודער, דעם „באָס”, ביי זיך אין דער היים, ווען דער סטרייק געהט נאָך אָן.

נאָך א קורצער פיינדליכער באגעגעניש, ווי פון צוויי שונאים,

צורעדט זיך זיין ברודער וועגען זייערע קינדערשע יאָהרען, דער־מאָנט דעם טאַטען זייערען, די היים און יענע צייט, ווען זיי ביידע האָבען געארבייט ביי זייער טאַטען, דעם שניידער, און האָבען זיך געטיילט מיט איין פּאָר שטיוועל.

דאָס ווירקט אויף זשעק׳ן, און ווי הארציג קלינגט דאַן אד־לער׳ס קול, בשעת ער, פון זיין זייט, הייבט אויך אָן צו רעדען וועגען געוויסע פּאַסירונגען פון זייערע קינדערשע יאָהרען.

אין אַ ווייל׳ע ארום, דער קאַמף איז פארגעסען. צוויי ברידער רעדען אזוי הארציג און מיט אזוי פיל ליבע איינער צום אנדערען. מיט אמאָל רייסט זיך ארויס ביי אדלער־זשעק׳ן:

— שעפּסעל, שעפּסעל, דו ביזט דאָך דער אייגענער, אמאָ־ליגער גוטער שעפּסעל! איך זעה דאָך, אז דו האָסט דאָס זעלבע ווייכע, גוטע הארץ, ווי אמאָל! היינט, ווי קומט עס, וואָס דו ביזט אזא בלוט־זויגער, אזא הויט־שינדער!

און ווי איינפאַך אדלער האָט עס ארויסגעזאָגט, ווי אויפ־ריכטיג, און מיט וואָס פאַר אַ נאַאיווען צער אינ׳ם קול!

נאָך קינסטלערישער האָט ער געשפּילט, ווען ער דערוויסט זיך, אז זיין ווייב האָט שטילערהייט גענומען שטיצע ביי זיין ברודער, דעם באָס. און בפרט קאָן מען ניט פארגעסען, ווי אזוי ער האָט געשפּילט די סצענע מיט זיין זוהן, בשעת ער דערוויסט זיך מיט אמאָל, אז זיין „לאַסאַל" האָט אויפגעגעבען זיין גלויבע אין דעם סאָציאַליזם און איז געוואָרען אַ קאַריערעסט.

מען האָט געדארפט זעהן דעמאָלט אדלער׳ס פּנים און זיינע אויגען, בשעת דער זוהן אליין האָט דאָס איהם צוגעגעבען.

מען האָט ממש געקאָנט זעהן, ווי דער מוח קעהרט זיך איהם איבער.

נאָר אָט ענטפערט ער איהם שטיל און צווישען פארשצעמטע ציין, אזוי ווי ער וואָלט זיין פארוואונדעטע הארץ צווישען זיי דאָרט געהאַלטען.

דעם זוהן רעגט אויף דער דאָזיגער ענטפער און ער שרייט אויס:

— איך בעט דיך, רעד ניט צו מיר ווי אן אידיאָט!

ווי אדלער־זשעק האָט זיך דאן א טרייסעל געטאָן, וואָס פאַר אויגען ער האָט אויף איהם אויסגעגלאָצט.

אזוי ווי א בליץ האָט זיין קערפּער דורכגעשניטען און ער האָט זיך איינגאַנצען צונויפגעקאָרטשעט; און יעדער אבר אין איהם האָט זיך געקנייטשט אונטער דעם צוקען פון דעם דאָזיגען בליץ, האָט זיך געדאכט...

ביי יעדער פאָרשטעלונג האָט מען אדלער'ן געמאַכט אָוואַציעס. די קריטיק האָט געלויבט די פּיעסע און בפרט דאָס שפּילען פון אדלער'ן און מאָשקאָוויטש'ן און פון די אנדערע אקטיאָרען און אקטריסעס.

אדלער האָט נאָך לאנג געשפּילט די פּיעסע.

און ערשט מיט א פּאָר יאָהר צוריק, ווען ער איז ווידער אויפגעטראָטען אין איהר אין בראָנזווילער ליבערטי טעאטער, האָט ער ביים עולם ארויסגערופען אזא באגייסטערונג מיט זיין שפּילען, אז מען האָט איהם גאָרניט געוואָלט ארונטערלאָזען פון דער ביהנע.

אזא קינסטלער איז אונזער יעקב אדלער און אזוי האָט ער געשפּילט...

## .12

ווי אַזוי איך בין שיער ניט אַ מיליאָנער געווארען. — ווי אזוי דער אַמאָליגער „מואוווינג פּיקטשור טראָסט" איז געקומען צום געדאנק וועגען געבען בילדער אין פאָרטזעצונגען.

אין יענער צייט, ווען מען האָט געשפּילט „שונאים" אין טהאַליע טעאטער, האָט, אגב, פּאַסירט עטוואָס אזוינס, וואָס האָט עטליכע מענשען און אויך מיך שיער־שיער ניט געמאַכט פאַר מיליאָנערען, און וואָס האָט באשאַפען א נייעם צווייג אין דער קינעמאַטאָגראַף אינדוסטריע...

דאָס איז אזוי געווען:

מיינער א באַקאַנטער, וועלכער האָט געהאַט א קינעמאַטאָגראַף טעאטער, איז אלין צו מיר צוגעשטאַנען, אז איך זאָל פּרוּווען אָנשרייבען א סצענאַריאָ פאַר די „מואוויס".

און איינמאָל פיהרט ער מיך צוזאמען מיט'ן דירעקטאָר פון דער וויטאָגראַף קאָמפּאַניע אין סאוט ברוקלין.

דער דירעקטאָר רעדט מיך אויך צו צו דעם. מיר — רעדט ער מיך איין — דאַרף זיין גרינג אָנצושרייבען אַ צוויי סצענאַריאָס אַ טאָג.

אין יענער צייט איז דער געוויינליכער האָנאָראַר פאַר אַ סצענאַריאָ געווען 2 דאָלאַר, העכסטענס 5 דאָלאַר — וועגען צעהנדליגער טויזענטער דאָלאַר האָנאָראַר און פּראָצענטען נאָך דערצו, ווי געוויסע שרייבער באַקומען היינט פאַר אַ סצענאַריאָ, זואָלט אין יענער צייט געווען אַ משוגעת אפילו צו חלומ'ען...

די בילדער זיינען געווען ניט קיין גרויסע, אין דורכשניט באַשטאַנען פון צוויי „רילס", זעלטען פון פינף.

די אַקטיאָרען און אַקטריסעס האָבען באַקומען 5 דאָלאַר אַ טאָג, די בעסטע — 10 דאָלאַר. דערפאַר אָבער האָט שטאַרק גע־קעניגט דער מואווינג פּיקטשור טראָסט, וועלכער האָט געשטיקט די פּאַר אינדעפּענדענט קינעמאַטאָגראַף קאָמפּאַניעס דערמיט וואָס ער האָט זיינע בילדער ניט געגעבען צו אַ טעאַטער, וועלכער האָט זיך דערוועגט צו נעמען בילדער אויך ביי די אינדעפּענדענט קאָמפּאַניעס.

אויף אַזאַ אופן האָט דער טראָסט אַלץ מעהר און מעהר פאַרכאַפּט דעם מאַרק פון די „מואווים" און אַוועקגענומען דעם באָדען פון אונטער די פיס ביי זיינע קאָנקורענטען.

דאָס אַלצדינג האָב איך דעמאָלט זיך דערוואוסט פון דעם דירעקטאָר פון דער וויטאָגראַף קאָמפּאַניע, וועלכער האָט אַליין אויך באַלאַנגט צו דעם טראָסט.

אַ גאַנצען טאָג האָב איך דאַן פאַרבראַכט ביי דעם דירעקטאָר אין זיין סטודיאָ און זיך צוגעקוקט דאָרט צו דעם „שפּיל".

אַ מאַן איז געשטאַנען נעבען אַ פאָטאָגראַפישער מאַשין און האָט געדרעהט. דער דירעקטאָר האָט קאָמאַנדעוועט און אַקטיאָ־רען און אַקטריסעס, מיט שטאַרק אויסגעשמירטע, גלאַנציגע פּנימ'ער מיט זעהר שלעכט צוגעקלעפּטע בערד און וואָנצעס, האָבען

זיך געדרעהט פאַר די אויגען, זיינען געלאָפען, געשפּרונגען, געקראָכען אויף לייטערס, געשפּרונגען פון דעכער און דורך פענסטער, האָבען זיך ארומגענומען און געקושט; האָבען ווילד געלאכט און נאָך ווילדער געוויינט; זיינען אַרעסטירט געוואָרען פון פּאָליסלייט, האָבען געגעבען און געכאפּט קלעפּ...

זיי אַלע האָבען אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק פון גאָרניט קיין אַקטיאָרען. אַזוי ווי מען וואָלט צונויפגענומען אין די פּארקס, צי גאָר אויף דער בויערי, אָרימע טייוואָלים, וועלכע האָבען שוין לאַנג קיין שום ערנסטע באַשעפטיגונג ניט געהאַט, און מען האָט זיי אויסגעשמירט די פּנים׳ער און באַקלעפּט זיי מיט שטיקלאַך בערד און וואָנצעס און זיי געהייסען: לויפט, שפּרינגט פון דאַך! שפּרינגט דורכ׳ן פענסטער! צוקושט זיך! צושלאָגט זיך! וויינט! לאַכט!...

די גאַנצע געשיכטע האָט זיך מיר אויסגעוויזען ווי אַ שטיפעריי, אויף וועלכער עס לוינט זיך ניט אוועקצוגעבען צייט. דעם פאָרשלאַג פון דעם דירעקטאָר צו שרייבען פאַר איהם סצענאַריאָס, האָב איך ניט אָנגענומען.

דאָך האָב איך וועגען דעם, וואָס איך האָב דאָרט געזעהן, זיך אָפט פאַרטראַכט.

איך האָב אַמאָל געטראַכט:

— מען וואָלט דאָך געקאָנט די שעהנסטע זאַכען אַרויסברענגען דורך די דאָזיגע בילדער, און געשפּילט זאָלען זיי ווערען פון אמת׳ע ארטיסטען. און פאַרוואָס עפּעס קורצע זאַכען און ניט לענגערע?...

און איינמאָל פאַלט מיר איין:

— פאַרוואָס ניט גאַנצע ראָמאַנען און דווקא אין פאָרטזעצונגען, אַזוי ווי זיי דרוקען זיך אין צייטונגען?...

דער דאָזיגער געדאַנק געפעלט מיר. ווען עס זאָל זיך גרינדען אַ קאָמפּאַניע, וואָס זאָל אַרויסברענגען אַזעלכע ראָמאַנען אויפ׳ן לייווענט דורך בילדער, צוויי־דריי פאָרטזעצונגען יעדע וואָך, וואָלט זי געהאַט אַ זיכערען ערפאָלג. נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען די

דאָזיגע ראָמאַנען וואָלטען געווען פונ'ם אידישען לעבען. ווייל דאַן וואָלטען אַזעלכע בילדער געשטאַנען אויסער קאָנקורענץ און זיי וואָלטען צוויי מאָל אַ נייעם געווען.

דערצעהלט איך אַמאָל אייבראַמסאָנ'ען, דעם מענעדזשער פון אַדלער טעאַטער, וועגען דעם דאָזיגען פּלאַן, ווערט ער פון איהם באַגייסטערט:

— מיליאָנען — שרייט ער. — מיליאָנען וועלען אַזוינע בילדער אַריינברענגען! אָבער אַ קאָמפּאַניע, גוואַלד, וואו נעמט מען אַ קאָמפּאַניע? מענשען מיט געלט? גוואַלד, מיליאָנען, מיליאָנען קאָן מען מאַכען, גיט מיר נאָר די מענשען אַהער!...

און ענערגיע האָט אייבראַמסאָן אַלע מאָל גענוג געהאַט. ער האָט געפונען מענשען אויך פאַר אַזאַ קאָמפּאַניע.

לעאָן מאָיסעיעוו און דייוויד שאַפּיראָ, איינער פון די הויפּט־גרינדער פון „טאָג", און דער פאַרשטאָרבענער אַראָנסאָן, שאַפּיראָ'ס שותף, זיי אַלע האָבען זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם דאָזיגען פּלאַן און זיינען באַרייט געווען צו אָרגאַניזירען אַזאַ קאָמפּאַניע.

אייבראַמסאָן האָט זיך מיט אַ ברען אַ נעם געטאָהן אויסצוארבייטען אויפ'ן פּאַפּיר די פּרטים פון דעם דאָזיגען פּלאַן; האָט שוין אויסגעאַרבייט אַ קאָנטראַקט, אונטער וועלכען יעדער פון אונז האָט זיך געזאָלט אונטערשרייבען; האָט איינגעטיילט די שערס, וואָס זיינען נאָך דערווייל ניט געווען, צווישען די מיטגלידער פון דער קאָמפּאַניע און האָט שוין אויסגערעכענט, וויפיל מיליאָנען יעדער פון אונז וועט אין אַ פּאָר יאָהר שפּעטער פאַרמאָגען... און מיט אַמאָל...

אין יענעם טאָג האָט דער קאָנטראַקט שוין געזאָלט אונטערגעשריבען ווערען און די קאָמפּאַניע האָט זיך געזאָלט גרינדען, רופט זיך אָן אייבראַמסאָן צו מיר:

— מיר קאָנען ניט אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט, ביז וואַנען מיר וועלען זיך ניט זעהן מיט'ן פּרעזידענט פונ'ם טראָסט...

— וואָס הייסט?

ערקלערט ער מיר:

— טאָמער וועט דער טראָסט אונז שטערען? טאָמער וועט דער טראָסט פארבאָטען די „מואווינג פיקטשור״ הייזער צו נעמען אונזערע א פיקטשור?

— דערפאר ווילט איהר זעהן דעם פרעזידענט פונ׳ם טראָסט? ער וועט אייך זיכער אָנשרעקען. פארוואָס זאָל ער וועלען, אז מיר זאָלען גרינדען אונזער קאָמפּאַניע? — זאָג איך איהם. — מיר וועלען האנדלען מיט די אינדעפּענדענט קאָמפּאַניעס.

אָבער אייבראַמסאָן איז באשטאַנען אויף זיינס. ער וויל זיך דורכרעדען מיט׳ן פּרעזידענט פונ׳ם טראָסט. ער איז זיכער — טענה׳ט ער — אז ווען ער וועט יענעם געבען צו פארשטעהן, אז אונזערע בילדער וועלען זיין פון א גאַנץ אַנדערען סאָרט, וועט יענער אונז ניט שטערען.

און א פּאָר טעג שפּעטער בין איך מיט איהם ביים פּרעזידענט פונ׳ם טראָסט אין אָפיס, ערגעץ אויף דער פינפטער עוועניו.

דער פרעזידענט נעמט אונז אויף זעהר העפליך. אייבראַמ־סאָן ערקלערט איהם אונזער פּלאַן וועגען געבען ראָמאַנען אין פּאַרטזעצונגען אויפן לייוונט.

דער פּרעזידינט הערט זיך צו זעהר אויפמערקזאַם, פרעגט איהם אויס, ווי און ווי אזוי. און אייבראַמסאָן ענטפערט איהם און ווערט אַלץ מעהר באַגייסטערט, און ערקלערט איהם, אז פון זיין לאַנג־יאָהריגער ערפאַהרונג ביים טעאַטער, ווייסט ער, וואָס דעם פּובליקום „קאָן נעמען״...

דער פּרעזידענט נאָטירט עפּעס דאָרט אויף פּאַפּיר, ווערט נאָך העפליכער, שמייכעלט צו אונז מעשה גוטער־ברודער און איז אונז מכבד אפילו מיט סיגאַרען אויך...

אייבראַמסאָן שטראַהלט. ער זעהט אויס, ווי ער אַליין וואָלט געוואָרען דער פּרעזידענט פונ׳ם טראָסט, לכל הפּחות... און ווען דער פּרעזיידענט איז דאָרט אויף א ווייל פאַרנומען געווען ביים טעלעפאָן, מאַכט אייבראַמסאָן צו מיר מיט התפּעלות:

— איהר זעהט, האַ? איך ווייס, וואָס איך טו. ער איז ניט דאגעגען. וואָס אַרט עס איהם? ניט זיין „ליין״ מואווינג פּיק־

טשורס — אידישע און אין פאָרטזעצונגען. ער וועט אפשר פאַר־לאנגען, אז אונזערע „פיקטשורס" זאָלען געהן דורך זיין אָפּיס. הלואי! דאָס איז דאָך וואָס איך וויל!

און אין אַ ווײַלע ארום — וועה, וועה געשריען! — דער פּרעזידענט איז דאָרט פארטיג געוואָרען ביים טעלעפאָן, טוט ער זיך אַ קער צו אייבראַמסאָנען און מאַכט צו איהם אין אַ זעהר און זעהר העפליכען טאָן:

— וועל, דזשענטעלמען, אין אָרדער טו פּלעים יור פיקטשורס, יו וויל העוו טו בילד יור אָון האוזעס — וואָס דאָס האָט געמיינט, אז מיר וועלען דארפען צוערשט גרינדען אַ קאָמפּאניע פאר צו בויען „מואווינג פיקטשור" הייזער פאר אונזערע בילדער...

ארויסגעהענדיג פונ׳ם פּרעזידענט׳ס אָפיס, האָט אייבראַמסאָן אויסגעזעהן ווי אַ נאַסער האָן מיט ארונטערגעלאָזטע פליגעל. איך האָב ממש רחמנות געהאַט אויף איהם.

און אַזוי האָט זיך פון אונזער קאָמפּאניע דערנאָך זיך גאָר־ניט אויסגעלאָזט און אַזוי בין איך קיין מיליאָנער ניט געוואָרען.

אָבער מיין פּלאַן וועגען „מואווינג פיקטשורס" אין פאָרטזעצונגען איז ניט פארלאָרען געגאַנגען: דער טראָסט האָט איהם אויסגענוצט און געמאַכט מיליאָנען. ער, מסתמא, דארף זיי נויטיגער האָבען איידער אַ אידישער שרייבער.

אַ פּאָר חדשים נאָך אונזער באַזוך ביים פּרעזידענט, זיינען ערשינען די ערשטע „סיריעל פּיקטשורס" אויפ׳ן לייווענט.

## סאַראַ אדלער

**איהר טאַלאַנט און ווי זי האָט אויפגעפאַסט פאַרשידענע ראָלען.**

אָט זעה איך זי נאָך: א יונגע פאַסטושקע, מיט רויטע לענטעס אין די שווארצע האָר, באַווייזט זיך אויף א גרינער לאָנקע מיט א וויים ציגעלע, וואָס זי שלעפּט נאָך זיך אויף א שטריקעל, און רעדט צו דעם, און לאַכט צו דעם אויף א באַזונדערען אופן, ווי זי וואָלט זיך מיט איהרער א חבר'טע אונטערהאַלטען.

זי פאַרכאַפּט אייער אויג. זי פאַרכאַפּט אייער הארץ. אינגאַנצען מיידעלשער רייץ איז זי, מיידעלשער כשוף, מיט איהר אויסזעהן, פיגור, יעדען ריהר און בליק איהרען.

עטוואָס העכער פון מיטעלוואוקס, שלאַנק און בויגיג, מיט א גוט־אַנטוויקעלטען בוסט, און א פּנים, מאַרמאָר, מיט יונגען, קאָכעדיגען בלוט געמישט, הייס פון דער זון אָנגעברענט, און אויגען— גרויסע און שווארצע און פייערדיגע, און מיט א שמייכעל אויף פולע, זאַפטיגע ליפּען, וואָס איז געווען אי נאאיוו, אי פאַרפיהרעריש — האָט די דאָזיגע פאַסטושקע אויף דער גרינער לאָנקע, וואָס האָט דאָרט געפיטערט דאָס וויים ציגעלע, אויסגעזעהן ווי א חלום אין בלוט און פלייש, ארויסגעחלומ'ט פון א יונגען דיכטער אין איינעם פון זיינע ליידענשאַפטליכע מאָמענטען.

זי רעדט, און קינדעריש־אומשולדיג הילכט איהר קול, אין וועלכען עס ציטערט דורך א הייסער אָפּקלאַנג פון טיפער ליידענשאַפט, פון א גרויסער ליידענשאַפט, וואָס שלאָפט נאָך דערווייל אין איהר און וועלכע — איהר שפירט עס — וועט זיך שפּעטער אויפכאַפּען מיט שטורם...

זי זינגט, און דער דאָזיגער ליידענשאַפטליכער אָפּקלאַנג שפּירט זיך נאָך שטאַרקער אין איהר געזאַנג און הויכט אַרויס פון איהרע שוואַרצע אויגען, און בריהט און כשופ׳ט...

אַזאַ איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט סאַראַ אַדלער מיט יאָהרען צוריק, ווען איך האָב זי צום ערשטען מאָל געזעהן אין גאָרדינ׳ס „דער שוואַרצער איד, אָדער מאיר יאָזעפאָוויטש“.

נאָך אַ טיפערען איינדרוק פון נאַאיווער, אומשולדיגער יונג־מיידעלשקייט, אין וועלכער עס בלאָנדזשעט אַרום דער הייסער אָטעם פון אַ נאָך־ניט־אויפגעבאַפּטער גרויסער ליידענשאַפט, האָט זי שפּעטער אויף מיר געמאַכט אין דער ראָל פון אפעליא.

אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָב איך זי אין דער דאָזיגער ראָל געזעהן באַלד נאָכדעם, ווי איך האָב זי געזעהן אין דעם „שוואַרצען איד“.

זי קומט אַרויף אויף דער ביהנע מיט אַ גאָלדענעם קאָפּ האָר, אינגאַנצען אומשולדיג־יונג־מיידעלשקייט. אַ ווייסע, כשר׳ע טויב מיט איהר שמייכעל, מיט איהר האַלטונג און מיט דעם אופן פון איהר רעדען.

יענע אפעליא געדענק איך, אַזוי ווי איך וואָלט זי ערשט נעכטען געזעהן.

אַזוי ווי עפּעס אַ פריהלינגס־ליכטיגקייט האָט זיך פון איהר געגאָסען.

אויך איצט בליצט אַרויס אַ הייסער אָפּקלאַנג דורך דעם אומשולדיגען אופן פון איהר ריידען, אויך איצט שפּירט מען אין איהר קול און אין איהרע פאַר׳חלומ׳טע אויגען, וואָס צינדען זיך אָן אַמאָל מיט אַ פייערל, די גרויסע ליידענשאַפט, וועלכע שלומערט נאָך אין איהר...

נאָר אָט האָט זיך אין איהר די ליידענשאַפט אויפגעכאַפּט צום דענישען פּרינץ האַמלעט, און אויס ליבע צו איהם האָט אפעליא דעם פאַרשטאַנד פאַרלאָרען.

און ווי אַזוי סאַראַ אַדלער האָט דורכגעפיהרט די דאָזיגע סצענע קאָן איך נאָך ער היום ניט פאַרגעסען.

איך דערמאָן זיך, אַ מורא'דיגען לשון האָט זי גערעדט, אַ מין פּתח־דייטש, אָבער איהר קול, די טענער, וואָס האָבען אין איהם וויברירט, אַזעלכע פאַרשטיקטע, און טיפע און ברענדיגע, אַזוי ווי אין פייער געטונקט און איהר גאַנצער אויסזעהן דער־מאָלט — איין שטיק פאַרצווייפעלטער און פאַרשטיקטער יאָמער! — דאָס קאָן איך ניט פאַרגעסען.

זי איז געזעסען אויף דר'ערד, האָט געפלאָכטען אַ קראַנץ און געזונגען אַ ליד, און געדאַכט האָט זיך, בשעת מען האָט געהערט איהר געזאַנג און געקוקט אויף איהר, אַז דעם דאָזיגען קראַנץ פלעכט זי פון איהר הארצען, פון איהר בענקעניש, פון איהר ליידענשאַפט, וואָס האָט פאַרברענט דעם פאַרשטאַנד אין איהר מוח...

און אָט שפּילט זי מיין „מינא" — שוין ניט מעהר קיין נאַ־איווע, יונג מיידעל, נאָר אַ מוטער פון אַן ערוואַקסענער טאָכטער, אַן אינטעליגענטע פרוי, וועלכע איז גאַנץ באַוואוסטזיניג אין איהרע געפיהלען, אין איהר גרויסער ליידענשאַפט, וועלכע זי שטיקט אין זיך, צו דעם מאַן, וואָס איהר אייגענע טאָכטער ליבט איהם.

ווי זי קעמפּט מיט זיך, ווי זי ראַנגעלט זיך מיט איהרע גע־פיהלען, וועלכע זי זוכט צו באַגראָבען אין זיך וואָס טיפער אויס ליבע צו איהר טאָכטער, און ווי זיי רייסען זיך דאָך דורך אַמאָל דורך איהרע אויגען, דורך דעם שמייכעל, פול מיט ליידען, און דורך די קרענקליכע טענער, פול מיט גאַל, אין איהר קול.

זי רעדט, דאַכט זיך, רוהיג, שמייכעלט צופרידען, איז, דאַכט זיך, גליקליך מיט דעם גליק פון איהר טאָכטער. מיט אַמאָל פאַלט איהר אויג אויף אַ ווינקעל, וואו איהר טאָכטער מיט יע־נעם יונגענמאַן זיינען פאַר'שכור'ט פון זייער גליק, און „מינא" שוידערט אויף.

ווי קינסטלעריש זי האָט אַזעלכע מאָמענטען דורכגעפיהרט. איהר גאַנצע צוריסענע נשמה האָט פון איהרע אויגען ארויסגע־קוקט. איהרע בליקען האָבען דאַן געבלאָנדזשעט פון איהר מאַן

אויף איהר טאָכטער און פון דער לעצטער אויף דעם יונגענמאַן, און זיי האָבען זיך געצונדען און געלאָשען, און נאָכאַנאַנד עפּעס אַנדערש אויסגעדריקט — האַס צו איהר אייגענעם מאַן, קנאה צו דער טאָכטער און הונגעריגע ליבע צו דעם יונגענמאַן.

און ווען זי האָט דאַן געזעהן, האָט איהר קול געקלונגען צורודערט און הייזעריגלאַך און מאָמענטענווייז האָט זיך אויס־געוויזען, אַז אָט־אָט וועט זיך ארויסרייסען פון איהר מיט שטורם דאָס אַלצדינג, וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געשטיקט אין זיך; אָבער באַלד האָט זי צונויפגענומען איהרע אַלע כוחות, און ווידער האָט זי רוהיג גערעדט און גליקליך געשמייכעלט צו דעם גליק פון איהר טאָכטער...

און איינמאָל האָט דאָס פון איהר ארויסגעשטורעמט: ווען זי איז אַליין געווען, פאַרטיפט אין איהרע ליידען, האָט זי מיט אַמאָל דערהערט פון אַ צווייטען חדר דעם גליקליכען געלעכטער פון איהר טאָכטער און פון דעם יונגענמאַן, דאַן, זייענדיג דאָרט אַליין, האָט זי ניט געהאַט פאַר וועמען צו באַהאַלטען איהרע אמת׳ע געפיהלען, און מיט וואָס פאַר אַ גוואַלד זיי האָבען זיך אַרויסגעריסען.

ווי איין שטיק שטורמדיגער פייער האָט זי זיך אַ ריס געטאָן צו דער טיר, פון וואַנען דאָס גליקליך געלעכטער האָט זיך געטראָגען, און געסטראַשעט דעם גליק פון איהר טאָכטער; נאָר ביי דער טיר האָט דער שטורם צוזאַמענגעבראָכען. דאָס פייער האָט זיך אויסגעלאָשען — „מינא", די מאמע, האָט פארשטעלט דעם וועג „מינא׳ן", דער פרוי...

און מען האָט געדאַרפט זעהן, ווי נאַטירליך זי האָט די דאָזיגע סצענע דורכגעפיהרט, ווי נאַטירליך זי האָט אויפגעפלאַקערט און דערנאָך זיך אויסגעלאָשען — פאר אַזעלכע סצענען, די שווערסטע פאַר אַ שוישפּילערישען טאַלאַנט, וואו עס פאָדערט זיך צו איבערגעהן פון איין געמיטס־צושטאַנד צו אַן אַנדערען, האָט זי קיין גלייכען ניט געהאַט אויף דער אידישער ביהנע.

די דאָזיגע פעהיגקייט, נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, האָט זי

ארויסגעוויזען אין דער ראָל פון סאָניא אין מיין פּיעסע „נאַטור, מענש און חיה“.

און אַט שפּילט זי אַ פּשוט׳ע פרוי אין גאָרדינ׳ס „די אמת׳ע קראַפט“, און אין דער דאָזיגער ראָל איז זי אין גאַנצען דער היפּוך פון דער אינטעליגענטער „מינא“, צי פון דער אידעאַליסטקע „סאָניא“ — אַ פּרוי אַ שטיק חומר שפּילט זי, און ווי פּשוט און ווי געזונט און היים די דאָזיגע פרוי קומט אַרויס ביי איהר!

אַ גאַנץ אַנדער טאָן, האַלטונג, גאַנג און גאַנץ אַנדערע מינעס איידער אין די אַנדערע איהרע ראָלען, נאָר באַשטראַלט מיט דער אייגענטימליכקייט פון איהר טאַלאַנט. די דאָזיגע ראָל שפּילט זי באמת וואונדערליך.

איהר גרויסען טאַלאַנט ווייזט זי אויך אַרויס אין גאָרדינ׳ס „אָהן אַ היים“ און באַזונדערס צייכענט זי זיך אויס אין דער ראָל פון „קאַטיושאַ מאַסלאָווא“ אין טאָלסטאָי׳ס „תחית המתים“.

ווער עס האָט געזעהן איהר „קאַטיושא“, יענער האָט געזעהן שוישפּיל־קונסט פון גאָר אַ הויכער מדרגה.

די סצענע אין טורמע, בשעת זי טרעפט זיך מיט נעקליוד־דאָוו׳ן, יענע גאַנצע סצענע, ווען זי דערקאָנט איהם ניט אפריהער און קאָקעטירט מיט איהם מיט דעם שכור׳ן שמייכעל און מיט דעם טעמפּען אויסדרוק פון דעם מענשען, וועלכער איז ארונטער־געזונקען ביז צו אַ מדרגה פון אַ חיה, און דערנאָך, ווען איהר זכרון הויבט זיך אָן צו אָטשוכען, ביז זי דערקאָנט איהם צום סוף, — אַט די סצענע, ווי אזוי סאַראַ אַדלער האָט זי דורכגע־פיהרט, האָט געוויזען, אז איהר טאַלאַנט דאַרף געמאָסטען ווערען ניט נאָר מיט די גרעסטע פון אונזער אייגענער ביהנע, נאָר מיט גאָר די גרויסע טאַלאַנטען פון דער וועלט־ביהנע.

אָט דאָס איז אונזער סאַראַ אַדלער.

# באָרים טאָמאַשעווסקי.

טאָמאַשעווסקי־„יצר טוב“ און טאָמאַשעווסקי־„יצר־הרע“ — צוויי באזונדערע מענשען און אקטיאָרען.

מיט איהם בין איך געקומען אין נאָהענטערער באריהרונג איידער מיט די אנדערע אידישע אַקטיאָרען.

די מעהרסטע פון מיינע פּיעסען האָט ער געשפּילט. די מעהרסטע פון מיינע ערפאָלגען אויף דער ביהנע האָב איך מיט איהם געהאט. און די מעהרסטע פון מיינע פּיעסען, וואָס האָבען מיט איהם ערפאָלג געהאט, האָבען דערנאָך דורך איהם טאַקע אליין געפונען זייער אייביגע רוה אויף זיינע פּאָליצעס הינטער דער ביהנע...

קאָן איך איהם דערפאַר גוט. קאָן איך גוט די מעלות און חסרונות סיי פון דעם אַקטיאָר־טאָמאשעווסקי און סיי פון דעם מענש־טאָמאשעווסקי.

צוויי טאָמאשעווסקים זיינען פאַראַן, ווי אין לעבען אזוי אויף דער ביהנע, און איינער איז אינגאנצען דער היפּוך פון דעם אַנדערען.

איינעם וואָלט איך גערופען טאָמאשעווסקי־„יצר־טוב“ און דעם אַנדערען — טאָמאשעווסקי־„יצר־הרע“.

דער ערשטער איז מיר אלע מאָל געווען סימפּאַטיש און אָפּט ליב, און דער אַנדערער — פאַרקערט.

דער ערשטער איז אינ׳ם לעבען א קינסטלער־נאַטור, וואס ווערט באגייסטערט אמאָל פון עפּעס, ווי א קינד, און ווערט גע־ריהרט, ווי א סענטימענטאל מיידעל, און רופט זיך אָפּ אויף דעם

מיט אַ וואַרימען הארצען און מיט הארציגע ווערטער און שיער ניט מיט טרערען אין די אויגען.

און טרעפט איהר דעם דאָזיגען טאָמאַשעווסקי'ן, מוזט איהר איהם ליב באַקומען. ווייל אייך ווייזט זיך אויס, אז קיין פריינד־ליכערען מענשען און קיין הארציגערען חבר און פריינד, און קיין בעסערען ספּאָרט, און קיין קינסטלער מיט מעהר ענטוזיאַזם, האָט איהר גאָר ניט געטראָפען.

באַזונדערס מאַכט אויף אייך אַן איינדרוק זיין קינסטלערי־שער ענטוזיאַזם.

שפּילט ער, למשל, אַ בעסערע פּיעסע און האָט אין איהר ערפאָלג, איז ער, די ערשטע צייט לכל הפּחות, אזוי באַגייסטערט פאַר דער בעסערער פּיעסע בכלל, אז ער שווערט זיך מיט די הייליגסטע שבועות און טוט זיך שיער אַ נדר, אז אַ סוף: מעהר, הייסט עס, וועט ער קיין „שונד" ניט שפּילען—נאָ מאָר!..

און מען גלויבט איהם דעמאָלט. ווייל ער אליין גלויבט אין דעם, וואָס ער זאָגט. ווייל זיין ענטוזיאַזם פאַר דער בע־סערער פּיעסע איז דעמאָלט אַן עהרליכער, אַן אויפריכטיגער.

אויף די פאַרפאַסערס פון די שונד־פּיעסען וויל ער דאַן ניט אַ קוק טאָן. און אַמאָל, אויס באַגייסטערונג פאַר „ליטעראַטור", גיט ער גאָר אַרויס אַן אָרדער, ניט אַריינצולאָזען די שונד־פאַר־פאַסערס אין זיין טעאַטער. און אַמאָל טוט ער אַ קיבעץ אפילו זיינע אייגענע פאַרפאַסונגען אויף.

און פאַר די שרייבער פון די בעסערע פּיעסען עפענט ער זיין הארץ און די טירען פון זיין אויטאָמאָביל, שענקט זיי פּרעזענ־טען און ווייזט אַרויס פאַר זיי נאָך אויף אַנדערע אופנים זיין באַ־גייסטערונג פאַר „ליטעראַטור"...

אזוי אויך, בעת דער דאָזיגער טאָמאַשעווסקי ווערט באַגיי־סטערט פאַר עפּעס אַנדערש, ניט דוקא פאַר ליטעראַטור. ער וועט געבען געלד פאַר דעם מיט אַ פרייער האַנט, וועט אַן אומ־זיסטע פאָרשטעלונג אין זיין טעאַטער געבען פאַר דעם, און ניט צוליב רעקלאַמע, ווי אַנדערע קאָנען מיינען.

אזא איז טאָמאַשעווסקי־יצר־טוב.

אַ גאַנץ אַנדערער איז טאָמאַשעווסקי־יצר־הרע.

דער איז שטייף, קאַלט, קוקט מיט אַזוינע אויגען, וואָס שרייען, דאַכט זיך, צו אַלעמען: „געהט אַוועק, לצים!" האַלט זיך אַזוי, ווי ער איינגעגנצטן, פונ'ם קאָפּ ביז צו די פיס, וואָלט געווען איין שטייפער, גלאַנציגער צילינדער־הוט...

אָט דער ווייסט ניט פון קיין ענטוזיאַזם. דער איז פּראַקטיש, האָט בלויז אין זינען זיך אַליין, און פאַר זיין בעסטען פריינד קאָן ער אַמאָל האָבען אַזא מין אויסדרוק:

— וואָס וויל דאָרט דער לץ? זאָגט איהם, אז ער קאָן מיך ניט זעהן!...

אַזוי איז ער אויך אויף דער ביהנע — צוויי טאָמאַשעווסקיס. איינער מיט'ן שטייפען, געקראָכמאַלעטען צילינדער־הוט־טאָן, אָהן נשמה און לעבען, דער טאָמאַשעווסקי פון די ביליגע שונד־שטיקער און נאָך ביליגערע אָפּערעטקעס; און דער אַנדערער — מיט'ן לעבעדיגען, אמת־קינסטלערישען טאָן, פול מיט נשמה און פייער, מיט וועלכען ער האָט זיך שטענדיג אַנטפּלעקט אין דער בעסערער פּיעסע — דער טאָמאַשעווסקי פון „דבורה'לע מיוחסת", „פאַרלאָרענעם גן־עדן", „נעקסט־דאָריגער", „ברישט אָוו פּראָמיס", „ישראל'ס האָפנונג", „צוריק צו זיין פאָלק", „גריינעם מיליאָנער", צי פון „דעמענטיא אַמעריקאַנאַ"...

מיר אַליין איז ליב און נאָהענט דער לעצטער, דער טאָמאַשעווסקי־יצר־טוב — דערפאַר וועל איך, דער עיקר, פון ד ע ם רעדען.

דעם ערשטען מאָל, ווען איך האָב איהם געזעהן אויף דער ביהנע, איז ער מיר זעהר געפעלען געוואָרען. ער האָט געשפּילט דעם שלאָסער אין „דבורה'לע מיוחסת" און ער האָט זיך אַזוי אויסגעצייכענט אין דער דאָזיגער ראָל, אז די „פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע" — דער דעמאָלסדיגער פאַראיין פון אונזער אינטעליגענץ אויף דער אידישער גאַס, וועלכער האָט געאַרבייט פאַר

אַ בעסערער ביהנע, האָט געשיקט צו איהם אַ קאָמיטע, וואָס זאָל איהם גראַטולירען פאַר זיין שפּילען.

איך געדענק יענע גראַטולאַציע־סצענע ביי איהם אין גאַר־דעראָב־צימער אין דעם אַמאָליגען ווינדזאָר טעאַטער.

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון דר. אַב. קאַספּע, ענטין, דעם פאַרשטאָרבענעם דר. פּ. קאַפּלאַן און פון מיין ווייניגקייט.

באַלד נאָך אַ פאָרשטעלונג פון „דבורה'לע מיוחסת" איז דאָס געווען. מיר האָבען איהם געטראָפען אַן אויסגעמאַטערטען און אַ פאַרשוויצטען פון דעם שפּילען און האַלב אין זיין נאַטירליכען קאָסטיום — אַן אומגעוועהנליכער געבוי פון געזונטער ווייסקייט און מענליכער שטאַרקייט, וועלכע האָט זיך שווער באַוועגט און הייס געסאָפּעט.

און איך דערמאָן זיך, ווען איך האָב איהם דעמאָלט אַזוי געזעהן, האָט ער זיך מיר עפּעס אויסגעוויזען, ווי אַ שעהנער רייט־פערד, וועלכער האָט זיך אָקאָרשט צוריקגעקערט פון ריי־סעס...

ער האָט עפּעס אַרויפגעכאַפּט אויף זיינע נאַקעטע אַקסלען, ווען ער האָט אונז דערזעהן. און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, צוליב וואָס מיר זיינען געקומען, איז דאָס געווען פאַר איהם אַזאַ סורפּריז, אַז פאַר אויפרעגונג האָט ער קיין ווערטער ניט געקאָנט געפינען אויף צו באַדאַנקען דעם קאָמיטעט.

איך געדענק: ער האָט געקוקט אויף אונז מיט זיינע שוואַר־צע, פאַר'חלומ'טע אויגען פאַרשעהמט און צומישט, ווי אַ חדר־אינגעל, וואָס וואָלט געקראָגען אַ קניפּ אין בעקעל פון זיין שטרענ־גען רבי'ן פאַר אָפּזאָגען גוט אַ בלאַט גמרא, און האָט געשטאַ־מעלט:

„איך דאַנק אייך, מיינע העררען, איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך!"

מיט אַ טאָן, וואָס איז פון אַן אויפגערעגטען הארצען ארויס, האָט ער דאָס אַרויסגעשטאַמעלט. (וועגען דעם איינדרוק, וואָס

דער דאָזיגער באַזוך האָט אויף איהם דעמאָלט געמאַכט, האָט ער שפּעטער מיט מיר ניט איין מאָל גערעדט).

וואָרים מיט דער מיינונג פון אן אינטעליגענטען מענשען האָט מען זיך אין יענער צייט זעהר שטארק גערעכענט אינ׳ם אידישען טעאטער. די גוטע מיינונג איז ניט געווען אזוי ביליג ווי היינט, און די אידישע אקטיאָרען האָבען זיך מיט איהר גע־רעכענט, טאקע ביי זיך אין הארצען זיך מיט איהר גערעכענט, און דרך־ארץ געהאט פאר איהר.

בפרט טאָמאַשעווסקי, דעמאָלט דער הויפּט־זייל פון הור־וויץ׳עס און לאַטיינער׳ס פּיעסען, וואָס מיט איהם, טראָץ זיין גרויסען ערפאָלג ביי די מאסען, דער עיקר ביי די ווייבערשע מאסען, מחמת זיין ראָמאַנטישען אויסזעהן, האָט זיך די אינטע־ליגענץ פריהער גאָר ניט גערעכענט, איז דערפאַר ביי איהם באַ־זונדערס געווען אָנגעלייגט אַ גוטע מיינונג פון דער אינטעליגענץ.

דעם צווייטען מאָל האָב איך איהם געזעהן מיט מאדאם ליפּ־צין אין „מעדעא׳ס יוגענד״. ער האָט דאָרט געשפּילט די ראָל פון יאזאָן.

און אויב די יונגע מעדעא האָט געקאָנט אזוי ווילד ליב האָ־בען אַ מאַן, האָט ער זיכער אויסגעזעהן ווי יאזאָן־טאָמאַשעווסקי.

אַ מעכטיגע, ברוינע געשטאלט, ווי פון פעלז אויסגעהאקט. זיין האַלטונג, טאָן און בליק — די געשטאַלט אינגאַנצען — איז אַזוי מענליך, אַז מען פאַרשטעהט פאַרוואָס די שטאָלצע און וויל־דע פרינצעסין מעדעא ליגט צו זיינע פיס, ווי זיינע אַ שקלאַפין.

אין דער דאָזיגער ראָל איז ער מיר אויך געפעלען געווען.

נאָך בעסער איז ער מיר געפעלען געווען אין דער ראָל פון דעם היימישען אידעאַליסט און דאָ פּראַקטישען מענשען, טאַקע אין מיין פּיעסע „נאַטור, מענש און חיה״.

מיט אַ פיינער צוריקגעהאַלטענקייט און איז אַ גאַנץ שטי־לען און נאַטירליכען טאָן האָט ער די דאָזיגע ראָל פון אן אידיש־רוסישען אינטעליגענט דורכגעפיהרט. און האָבענדיג אַלס זיי־נע מיטשפּילער אין דער דאָזיגער פּיעסע אַזעלכע טאַלאַנטען, ווי

אדלער און מרס. אַדלער און מאַגולעסקאַ און מאַקס ראָזענטאַל, האָט ער זיך אין זיין ראָל ניט ווייניגער אויסגעצייכענט, איידער יענע אין זייערע ראָלען.

פון זיין שטייפען, געקראָכמאַלעטען טאָן, וואָס מען הערט ביי איהם געוועהנליך אין פּיעסען פון דעם אנדערען סאָרט, האָב איך אין דער ראָל, אַזוי ווי אין די אנדערע צוויי פריהער־דער־מאָנטע ראָלען, אפילו קיין סימן ניט געהערט.

דעם דאָזיגען טאָן זיינעם האָב איך ערשט שפּעטער דער־הערט.

איך קום אמאָל אין פּיפּעלס טעאַטער. ער שפּילט דאָרט עפּעס א פּיעסע, טראָגט א קאָסטיום אין גאַנצען פון לייב־קאָליר, וואָס ליגט אויסגעגאָסען אויף זיין שטאַרקער קערפּער, ווי אויף א האַנט א זעמסענע האַנדשוה.

דער דאָזיגער קאָסטיום — א מלאך־המות פאַר גאָר א סך ווייבערשע הערצער — איז, דאַכט זיך, די הויפּט־פּיעסע. היינט זיין שפּילען... גאָר אַן אנדער טאָמאַשעווסקי. א טאָן אויף שטייפע, אויסגעצויגענע נאָטען. און עס שיטען זיך די „ריישען" פון זיין מויל אַרוים איינס נאָכ'ן אנדערען, ווי פון א פול אָנגע־שטאָפּטען זאַק מיט „ריישען"... ניט „ער", נאָר עררר, און עס ווייזט זיך אויס, אַז די דאָזיגע „ריישען" שלאָגען זיך איינס אָן דעם אנדערען, ווי שווערע שטיינער... און דערביי שפּילט ער מיט זיינע אויגען, מיט זיינע באַזונדערע, איך וואָלט געזאָגט וואונדערליכע, אויגען, וואָס רויכענען, דאַכט זיך, מיט ליבעס־וויי־רויך... (אויף דער אידישער ביהנע קען איך א צווייטען אַק־טיאָר, וואָס „אינטריגירט" אַזוי, אַלאַ אַמאָליגער טאָמאַשעווסקי, מיט די אויגען, אָבער זיי רויכענען ניט, פּוסטע גלאָצעניש !...)

איך בין אַוועק פון טעאַטער מיט א פאַרדרוס אין האַרצען און א פאַרוואונדערטער, ווי אַזוי דער אייגענער טאָמאַשעווסקי האָט געקאָנט אַזוי קינסטלעריש שפּילען אין יענע פּיעסען, אין וועל־כע איך האָב איהם פריהער געזעהן.

א היבשע צייט דערנאָך האָב איך איהם אין קיין אנדער פּיע־כע ניט געזעהן, ביז ער איז ניט ארויסגעטראָטען אין מיין „פאַר־לאָרענעם גן־עדן".

## .2

ווי צוליב דעם ערפאָלג פונ'ם „פאַרלאָרענעם גן עדן" איז אדלער געוואָרען אוים פּאַרטנער אין „פּיפּעלס טעאַטער". — און ווי אזוי די דאָזיגע פּיעסע האָט געבראָכען אַן אַלטען מנהג אינ'ם אידישען טעאַטער. — דער ערשטער ערפאָלג פון מאַדאַם לאָבעל.

די בעלי־בתים פון „פּיפּעלס טעאַטער" זיינען געווען אדלער, ערעלשטיין און טאָמאַשעווסקי — די ערשטע צוויי די הויפּט־בעלי־בתים.

אדלער האָט דאָרט אויפגעפיהרט די בעסערע פּיעסע און טאָמאַשעווסקי — די מעלאָדראַמע און די אָפּערעטע.

איינער האָט זיך אין דעם אנדערענ'ס פּיעסען ניט געמישט. יעדער פון זיי באַזונדער האָט זיך מיט פּיעסען פאַרזאָרגט און אויף זיין אייגענער אחריות זיי אויפגעפיהרט.

אין א פּיעסע, וואָס טאָמאַשעווסקי האָט אויפגעפיהרט, האָט אדלער קיינמאָל ניט געשפּילט, ווייל זי איז, געוויינליך, געווען פון אזא סאָרט, אין וועלכער אדלער האָט געהאַלטען אונטער זיין ווירדע צו שפּילען. פאַרקערט, אין א פּיעסע, וואָס אדלער האָט אויפגעפיהרט, האָט טאָמאַשעווסקי יאָ אמאָל געשפּילט, אמת, אפילו גאַנץ זעלטען.

דעם פּאָפּולערען ערפאָלג האָבען, פאַרשטעהט זיך, טאָמאַ־שעווסקי'ס פּיעסען געהאַט, אָבער די פירמע און דער גלאַנץ פונ'ם טעאַטער איז דאָך געווען אדלער.

טאָמאַשעווסקי האָט געליפערט דאָס געלט און אדלער — דעם כבוד און דעם שעהנעם נאָמען פאַר דעם טעאַטער.

זיי ביידע זיינען געווען שטאַרק באַפריינדעט, ווייל אדלער האָט אין טאָמאַשעווסקי'ן ניט געזעהן קיין קאָנקורענט און טאָמאַ־שעווסקי האָט גרוים דרך־ארץ געהאַט פאַר אדלער'ן.

אזוי האָט מען זיך געפיהרט אין „פּיפּעלס טעאַטער", ביז איך בין געקומען אהין מיט מיין „פארלאָרענעם גן עדן".

די דאָזיגע פּיעסע האָב איך, ווי געוויינליך, פריהער איבער־געלייענט פאַר קעסלער'ן, און אַז איך האָב באַקומען פון איהם זיין „חטאנ'טי", אויך ווי געוויינליך, בין איך דערנאָך מיט דער פּיעסע אוועק צו אדלער'ן.

ער האָט דעמאָלט געוואוינט אויף דער צעהנטער סטריט, אין איין הויז מיט טאָמאַשעווסקי'ן.

אויסגעהערט דעם ערשטען אקט, מאַכט צו מיר אדלער אומ־געפּעהר אַזוי:

— אַ פרוי פון אַזאַ גוטען מאַן פארליבט זיך אין אַזאַ אויס־וואורף — ניט קיין פּיעסע... און, ווידער, וועט מיין פרוי ניט וועלען שפּילען אַן אויסגעלאַסענע און איך וויל דאָס אויך ניט...

און אַזוי ווי מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט זעהן די פּיעסע אויף דער ביהנע, איז מיר איינגעפאַלען צו פּרואווען מיין מזל מיט טאָמאַשעווסקי'ן.

געטראַכט און געטאָן. פון אדלער'ן בין איך אַרויף אַ שטאָק העכער, און אָנגעקלאַפּט צו טאָמאַשעווסקי'ן אין דער טיר.

ער האָט מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך. פאַר אַ ליטעראַט האָט טאָמאַשעווסקי דאַן געהאַט גרויס דרך־ארץ.

דערוואוסט זיך פון וואַנען איך קום און וואָס אדלער האָט מיר געזאָגט, רופט ער זיך אָן:

— עס וואונדערט מיך פון אדלער'ן, וואָס ער האָט אייערע אַ פּיעסע ניט אויסגעהערט אין גאַנצען. אויב איהר דענקט, אַז דאָס איז פאַר מיר אַ פּיעסע, וועל איך זי מיט פארגעניגען אויס־הערען.

געהען מיר אריין צו איהם אין קאַבינעט — אַ קליין צימערעל, מיט איין פענסטער צו דער גאַס און מיט אַ שרייב־טיש, וואָס פאַר־נעמט כמעט דאָס גאַנצע צימערעל.

נאָכ'ן ערשטען אקט האָט ער זיך באַנומען ווי אַ שיכור'ער, אַריינגערופען מיט אַ גוואַלד זיין ווייב: „בוזי, קום אַהער!" און

ווען בעסי איז אריינגעקומען, האָב איך פון דעם אופן, ווי אזוי ער האָט פאַר איהר איבערגעגעבען דעם אינהאַלט פון דעם ערשטען אקט, געפיהלט, אַז ער וועט שוין די פּיעסע ניט ארויסלאָזען פון זיינע הענט.

און ווען איך האָב געלעזען די ווייטערע אקטען, האָט ער יעדע ווייַלע אויסגעשריען: „גוואַלד, איך׳ל ארויסשפּרינגען פונ׳ם פענסטער!" און בעסי נאָך איהם: אָי, באָריס, דער מוח צינדט זיך מיר אָן!"

און קיין קאָמעדיע האָבען זיי דערביי ניט געשפּילט, ווייל שפּעטער, ווען איך האָב אונטערגעשריבען דעם קאָנטראַקט, האָט טאָמאַשעווסקי זיך צואווינט און גע׳טענה׳ט כמעט היסטעריש:

— גוואַלד, איך פיהל, אַז איך וועל אין דער פּיעסע ניו יאָרק איבערקעהרען, די וועלט איבערקעהרען! ...

דערמיט וויל איך ווייזען, ווי טאָמאַשעווסקי׳ס יצר טוב, דער קינסטלער טאָמאַשעווסקי, האָט זיך געקאָנט אויפריכטיג, אמת׳דיג באַגייסטערען.

מיר הויבען אָן צו מאַכען פּראָבען. די פּראָבען מאַך איך אליין. איך שטודיר מיט טאָמאַשעווסקי׳ן זיין ראָל, שטודיר מיט די אנדערע אַקטיאָרען זייערע ראָלען. מאַדאַם לאָבעל איז נאָך דאַן געווען אַ גרינע, ניט לאַנג געהאַט געקומען פון גאַליציע, איז אויפגעטראָטען אין לאַטיינער׳ס אַ פּיעסע מיט טאָמאַשעווסקי׳ן און איז ביטער דורכגעפאַלען.

האָט זי געזאָלט שפּילען די הויפּט ראָל פון דער פרוי, און אַ שווערע ראָל, אינ׳ם „פאַרלאָרענעם גן עדן". בעט מיך טאָמאַשעווסקי: אַן אָרימע פרוי, האָט צו זאָרגען פאַר קליינע קינדערלאַך, זאָל איך דערפאַר מיט איהר איינשטודירען איהר ראָל. האָב איך מיט איהר די ראָל פון פעני׳ן אזוי איינגעשטודירט, אַז ביי די פּראָבען שוין האָט זי געמאַכט אַ „היט".

טאָמאַשעווסקי האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. די דאָזיגע פּיעסע, אָהן גוזמא, איז געווען דער גרעסטער קינסטלערישער ערפאָלג אין זיין קאַריערע אַלס אַקטיאָר.

היינט מאַכט שוין ניט „דער פאַרלאָרענער גן עדן" מיט טאָ־מאַשעווסקי'ן אַזאַ איינדרוק, ווי ער האָט דעמאָלט געמאַכט.

וואָרים ווי גוט ער אַליין זאָל ניט שפּילען נאָך היינט זיין ראָל אין דער דאָזיגער פּיעסע, פעהלט דאָך איהם היינט די דאַמאָלט־דיגע איינגעשטודירטע קאָמפּאַניע אין גאַנצען. עס פעהלען איהם טאָרענבערג, מאַדאַם אבראַמאָוויטש, מאַדאַם לאָבעל, בעסי טאָמאַ־שעווסקי און די אַנדערע, וואָס יעדער און יעדע פון זיי האָט זיך דאַן אַזוי אויסגעצייכענט אין זיין, אָדער אין איהר, ראָל און גע־האָלפען שאַפען די קאָשמאַר־שטימונג, וואָס זייער שפּילען אין דער דאָזיגער פּיעסע האָט ביים דעם עולם אינ'ם טעאַטער אויפ־געוועקט.

און אַ חוץ דעם, איז טאַקע דער טעקסט גופא פון דער פּיעסע אַ היבש ביסעל היינט אַנדערש צוגעריכט...

אָבער אויך היינט, ווען עס געלינגט טאָמאַשעווסקי'ן, מאַכט ער דעם טיפסטען איינדרוק מיט זיין שפּילען אין דער דאָזיגער פּיעסע.

דער שריפטשטעלער ב. ריווקין דערצעהלט מיר, אַז ווען ער האָט געזעהן אין דער פּיעסע טאָמאַשעווסקי'ן מיט עטליכע יאָהר צוריק אין לאָנדאָן, האָט יענעמ'ס שפּילען אַזאַ טיפען איינדרוק אויף איהם געמאַכט, אַז עטליכע טעג דערנאָך האָט ער זיך גע־פיהלט, ווי פאַרפאָלגט פון אַ שווערען קאָשמאַר...

גאָר פאַר אַ סך מענשען איז טאָמאַשעווסקי דורך דער דאָ־זיגער פּיעסע ממש אַן אַנטפּלעקונג געווען.

וואו איז אַהינגעקומען יענער שטייפער, געצווינגענער טאָן און יענע רדר'ען פון דעם אַנדערען טאָמאַשעווסקי?...

דער דאָזיגער טאָמאַשעווסקי האָט דוקא געמאַכט דעם טיפ־סטען איינדרוק אויפ'ן עולם מיט אַזעלכע טענער, וואָס קיין מעהר מענשליכע האָט די אידישע ביהנע קיינמאָל ניט געהערט. טענער, וואָס זיינען פון ליידען געבראָכען געווען, און טענער, וואָס אין זיי האָט די צאַרטסטע ליבע געלאַסטשעט און זיך געצאַפּעלט;

טענער, וואָס זיינען מיט גאַל אָנגעזאַפּט געווען, און טענער, וואָס זיינען פרעהליך און העל געווען, אַזוי ווי מיט זון אָנגעזאַפּט; טענער, וואָס האָבען געסטראַשעט, און טענער, וואָס האָבען פאַר־צווייפעלט געבעטען; רוגזה'דיגע טענער, אין וועלכע אַ צורייצ־טער קרעכץ האָט געשריען, און פאַרשטיקטע שיכור'ע טענער, אין וועלכע די פאַרצווייפלונג האָט זיך געשטיקט...

דאָס אַלצדינג האָט טאָמאַשעווסקי אויסגעדריקט, שפּילענדיג דעם „פאַרלאָרענעם גן עדן".

ביז דעם מאָמענט אינ'ם דריטען אַקט, בעת ער הויבט אָן צו ברעכען די געשיר, איז ער געווען דער אמת'ער קינסטלער. בלויז אין דעם דאָזיגען מאָמענט איז ער צו שרייענדיג געווען, צו־פיל אין מעלאָדראַמע אריינגעפאַלען.

די פּיעסע האָט אַ רושם געמאַכט סיי צווישען דעם אינטע־ליגענטען באַזוכער און סיי צווישען דעם גרויסען עולם.

וואָכען לאַנג האָט מען זי געשפּילט און מען האָט וועגען איהר גערעדט. אין דער פּיעסע האָט אויך מאַדאַם לאָבעל זיך אַ נאָמען געשאַפען. עס איז אַ פאַקט, אַז פון דער פּיעסע אָן און דערנאָך פון איהר שפּילען אין מיין „בלינדען מוזיקאַנט", האָט זי אָנגע־הויבען צו פאַרנעמען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אויף אונזער ביהנע.

אַדלער'ן האָט געקרענקט דער דאָזיגער ערפאָלג פון טאָמאַ־שעווסקי'ן. וואָס הייסט, אין זיין טעאַטער זאָל טאָמאַשעווסקי שפּילען אַזאַ פּיעסע, וואָס די אינטעליגענץ קומט זי זעהן און וואָס די קריטיקער לויבען זי אַזוי, און נאָך מעהר, טאָמאַשעווסקי'ס שפּילען! ער האָט גענומען טענה'ן, אַז טאָמאַשעווסקי שפּילט פּיעסען, וועלכע ער, אַדלער, דאַרף זיי שפּילען. דאָס קאָן ער ניט ערלויבען.

אין יענער צייט איז א מנהג געווען אין די אידישע טעאַטערס, אַז אַ נייע פּיעסע האָט מען געשפּילט נאָר אין די שבת'דיגע און זונטאָג'דיגע אָוועגדען, און די שבת'דיגע און זונטאָג'דיגע מאַטינעס האָט מען געשפּילט אַלטע פּיעסען פון רעפּערטואַר. אויף אַזאַ אופן

איז אויסגעקומען, אז בשעת טאָמאַשעווסקי האָט געשפּילט „דעם פאַרלאָרענעם גן עדן" די אָוונענדען פרייטאָג, שבת און זונטאָג, האָט אַדלער געדאַרפט שפּילען די מאַטינעס פּיעסען פון זיין רעפּערטואַר.

זיץ איך איינמאָל ביי טאָמאַשעווסקי'ן אין'ם גאַרדעראָב־צימער א פרייטאָג ביינאַכט, בעת מען דאַרף אויסמאַכען די אַפּיש פאַר דער קומענדיגער וואָך. קומט אריין מיט אַמאָל אַדלער א ברוגז'ער. מיך באַגריסט ער אויך ניט. (וואָס בין איך, נעבאַך, שולדיג געווען!) און ער זאָגט צו טאָמאַשעווסקי'ן:

— איך שפּיל מעהר ניט קיין מאַטינע!...

רופט זיך אָן טאָמאַשעווסקי:

— סטייטש, מר. אַדלער, וואָס הייסט?...

שרייט אויס אַדלער שוין אויף רוסיש:

— יא טעביע ניע מאַטינע אַקטיאָר! (איך בין דיר ניט קיין מאַטינע אַקטיאָר).

און לעגט צו שוין אויף אידיש:

— שפּילט גאר מיינע פּיעסען!

און ער אַנטלויפט.

הייסט טאָמאַשעווסקי צו אַנאָנסירען אויף די אַפּישען, אז די מאַטינעס וועט ער אויך שפּילען דעם „פאַרלאָרענעם גן עדן".

און ווען ביי די ערשטע מאַטינעס זיינען געווען געפּאַקטע הייזער, האָט ער דעם „פאַרלאָרענעם גן עדן" אויך צו ווייטערע מאַטינעס געשפּילט. און פון יענער צייט אָן האָט מען אין די מאַטינעס אָנגעהויבען צו שטעלען די נייע פּיעסען אין אַלע אידישע טעאַטערס.

די „סטיטשקע" צווישען אַדלער'ן און טאָמאַשעווסקי'ן האָט זיך דערמיט ניט געענדיגט, און נאָך דעם זעלביגען סעזאָן איז אַדלער אַרויסגעטראָטען פון „פּיפּעלס טעאַטער". טאָמאַשעווסקי איז דאָרט פאַרבליבען דער איינציגער הויפּט־סטאַר.

.3

ווי טאָמאַשעווסקי האָט אַראָפּגעבראַכט אַסך דימאָוו, וועלכער איז ביי איהם
געווען דער „משיח" פאַר אַ גאַנצען סעזאָן. — ווי דער פּראָפעסער
אין טאָמאַשעווסקי'ן האָט דערשטיקט אין איהם דעם קינסטלער.

טאָמאַשעווסקי'ס ערפאָלג אין דעם „פאַרלאָרענעם גן עדן" האָט געפיהרט דערצו, אַז עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד האָט ער דער־נאָך אויפגעפיהרט די בעסערע פּיעסע. זעלטען אַ פּיעסע פון דעם אַנדערען סאָרט.

ער האָט אויפגעפיהרט „דער טרוימער" און אַנדערע פּיעסען פון ליבין'ען; טשיריקאָוו'ס „אידען", אין מיין איבערזעצונג; זאַנגוויל'ס „די קינדער פון דער געטאָ", אויך אין מיין איבער־זעצונג; און גאָרדין'ס לעצטע פּיעסע „דעמענטיא אַמעריקאַנאַ".

עס איז אַ פאַקט, אַז צו יענער צייט האָט ער אָפט אויפגע־פיהרט בעסערע פּיעסען, איידער אַדלער, צי קעסלער, אין זייערע טעאַטערס.

און כמעט אין יעדער פון די דאָזיגע פּיעסען האָט ער גע־מאַכט אויפזעהן און געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט סיי פון דער פּרעסע און סיי פון דעם אינטעליגענטערען טעאַטער־באַזוכער.

אין יענער צייט האָבען אַזעלכע אָנגעזעהענע אַמעריקאַנישע שריפטשטעלער, ווי די האַפּגוד'ס, נאָרמאַן און האָטשקינס, און ווי זשאַן קאָרבין, אָפט געשריבען אַרטיקלען איבער דעם שפּילען פון טאָמאַשעווסקי און זיין קאָמפּאַניע.

אָבער דער דאָזיגער טאָמאַשעווסקי, דער טאָמאַשעווסקי־יצר־טוב, האָט געליטען פון אַ פעהלער, וועלכער האָט סוף כל סוף צונישט געמאַכט אַלע זיינע ערפאָלגען אין דער בעסערער פּיעסע.

פּיעסען, אין וועלכע ער האָט דעם גרעסטען אויפזעהן גע־מאַכט, האָט ער אַליין דערנאָך דערשטיקט און באַגראָבען.

„דער מאָר האָט אָפּגעטאָן זיין זאַך און איצט קאָן ער געהן", האָט טאָמאַשעווסקי ווי געזאָגט כמעט צו יעדער בעסערער פּיעסע, אין וועלכער ער האָט געמאַכט אויפזעהן.

געשפּילט זי אַ געוויסע צייט, זיין ערפאָלג אין איהר געהאַט

און דערנאָך — געה אין דיין אייביגער רוה אויפ׳ן טעאַטער בית־עולם !...

און דערמיט איז ער באַגאַנגען מעהר ווי אַן אומרעכט ניט נאָר געגען דער בעסערער פּיעסע, נאָר געגען זיך אַליין, געגען דעם פּרעסטיזש פון טאָמאַשעווסקי דעם קינסטלער, געגען דעם טאָמאַשעווסקי־יצר־טוב...

אין דעם פּרט איז ער געווען פּונקט דער היפּוך פון די אַנדערע אונזערע „סטאַרס״. ווען, למשל, אדלער, צי קעסלער, אָדער ליפּצין, האָבען אויסגענומען אין אַ פּיעסע, איז זי דערנאָך, כמעט אַלע מאָל געוואָרען אַ טייל פון זייער רעפּערטואַר. זיי האָבען ניט דערלאָזט, אַז זי זאָל אָפּשטאַרבען. ווייל זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז דערמיט וואָס זיי האַלטען אויף דאָס לעבען פון דער פּיעסע, אין וועלכער זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט, האַלטען זיי אויף זייער אייגענעם לעבען אַלס קינסטלער. זיי זיינען זיך באַגאַנגען מיט די פּיעסען און מיט זייערע קינסטלערישע ערפאָלגען, ווי אַ שפּאָרעוודיגער מענש מיט זיין געלט, להבדיל, געשפּאָרט זייערע פּיעסען, געשפּאָרט זייערע ערפאָלגען און זיי זיינען דערפאַר געבליבען גייסטיגע גבירים מיט שעהנע נעמען...

און ווייל טאָמאַשעווסקי איז זיך אַנדערש באַגאַנגען מיט דער בעסערער פּיעסע און מיט זיין ערפאָלג אין איהר, האָט ער אַליין, קאָן מען זאָגען, מיט זיינע אייגענע הענט צושטערט דעם בכבוד׳ן אָרט, וואָס ער האָט געדאַרפט פאַרנעמען צווישען אונזערע בעסטע קינסטלער פאַר זיין שפּילען אין דער בעסערער פּיעסע.

וואָרים ענדע שלעכט, איז אַלצדינג שלעכט...

און שולדיג איז אין דעם געווען, דער עיקר, וואָס ער איז אַליין אַ פאַרפאַסער און האָט געוואָלט שפּילען, באַזונדערס אין די לעצטע יאָהרען, זיינע אייגענע פּיעסען.

און זיינע אייגענע פּיעסען האָבען קיינמאָל ניט געגעבען קיין מעגליכקייט דעם טאָמאַשעווסקי־יצר־טוב זיך צו ווייזען, און טאָמאַשעווסקי־יצר־הרע האָט תמיד דאָרט געהערשעוועט מיט זיינע טענער אויף נאָטען, און אויף אַזאַ אופן האָט דער פאַר־

פּאסער טאָמאַשעווסקי כסדר געשטיקט דעם קינסטלער טאָמאַ־שעווסקי; דער ערשטער האָט תמיד צושטערט, וואָס דער אַנ־דערער האָט אויפגעבויט...

אָבער אין יענער צייט, ווען ער האָט אויפגעפיהרט מיין „פאַר־לאָרענעם גן עדן", איז די פּאַרפּאַסערשע קליפּה איהם אזוי אין דיביינער נאָך ניט געהאַט אריין ווי אין די לעצטע יאָהרען. ווי ווייט איך געדענק, איז ער אינגאַנצען פון איהר פריי געווען, דערפאַר האָט ער דערנאָך עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד אויפגעפיהרט די בע־סערע פּיעסע און האָט קינסטלעריש קאָנקורירט מיט אדלער'ן און קעסלער'ן.

און ווער ער איז אריבער אין זיין „נעשאָנאַל טעאטער", האָט ער א צייט לאַנג געשפּילט די בעסערע פּיעסע.

ווי ערנסט ער האָט זיך פאַרהאַלטען צו איהר, באווייזט דער פאַקט ,וואָס ער האָט אראָפּגעבראַכט אהער דימאָוו'ן פון רוסלאַנד מיט זיין „אייביגען וואַנדערער".

און „דער אייביגער וואַנדערער" האָט געהייסען ניט גלאַט אזוי זיך א געוויינליכע ליטעראַרישע פּיעסע, געשריבען פון א היימישען ליטעראַט, נאָר דוקא אַן אימפּרעסיאָניסטישע, דוקא דאָס לעצטע נייע וואָרט אין דער דראַמאַטישער קונסט, געשאַפען פון א באַריהמטען רוסישען שריפטשטעלער...

אזוי האָבען דעמאָלט כמעט אַלע אונזערע קריטיקער גע־שריבען וועגען דימאָוו'ן אַלס דראַמאַטורג.

און דאָס דאָזיגע נייע וואָרט אין דער דראַמע האָט טאָמאַ־שעווסקי געמיינט אַרויסצוברענגען אין זיין טעאַטער. (איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט!)...

בפרט ווען „דער אייביגער וואַנדערער" האָט דעמאָלט אזוי אויסגענומען ביי איהם אין טעאַטער, אַז כמעט דעם גאַנצען סעזאָן האָט מען איהם דאָרט געשפּילט.

דעמאָלט איז ביי איהם גאָר קיין ספק ניט געווען — ווי ביי די מעהרסטע פון אונזערע קריטיקער — אַז די דאָזיגע פּיעסע האָט דערפאַר אזא ערפאָלג, מחמת אונזער עולם וויל שוין עפּעס

בעסערם, ווי געוועהנליכע „ליטעראַטור", מחמת ער וויל די „העכערע קונסט" אין דער דראַמע, די „אימפּרעסיאָניסטישע" דראַמע.

צו יענער צייט האָט טאָמאַשעווסקי אָפּגעהיט דימאָוו'ן, ווי דאָס אויג פון'ם קאָפּ. ער איז גרייט געווען צו פאַרבינדען זיך מיט איהם אויף יאָהרען לאַנג. גרייט געווען איהם צו געבען אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָהר, אויף צעהן יאָהר (קאָנטראַקטען צו געבען איז אַלע מאָל געווען טאָמאַשעווסקי'ס שוואַכקייט), אבי ער זאָל פאַר איהם שרייבען פּיעסען, וואָס זיי זיינען „דאָס לעצטע וואָרט פון אונזער מאָדערנער דראַמע", ווי איינער פון אונזערע שרייבער האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט אין זיינעם אַן ארטיקעל וועגען דעם „אייביגען וואַנדערער"...

און קאָנענדיג טאָמאַשעווסקי'ן, איז גאר ביי מיר קיין ספק ניט, אַז זיין באַגייסטערונג פאַר דימאָוו'ס פּיעסען איז צו יענער צייט געווען אַן אויפריכטיגע; אַז ער האָט באמת געוואָלט געבען אין זיין טעאַטער בעסערס ווי געוויינליכע ליטעראַטור, טאַקע „דאָס לעצטע וואָרט פון אונזער מאָדערנער דראַמע"...

אין די לעצטע יאָהרען, זינט די אידישע ביהנע האָט אָנגע־הויבען צו געהן בארג אראָפּ, האָט זי יעדען סעזאָן געהאַט איהר „משיח", וואָס האָט געזאָלט פאַר איהר ברענגען די ישועה. דע־מאָלט איז איהר משיח געווען דימאָוו.

און, ווי געוויינליך, ביי אונז, אידען, ווען אַ נייער משיח באַ־ווייזט זיך אויף אונזער ביהנע, האָט מען די היגע פאַרפאַסערס פון דער בעסערער פּיעסע אָוועקגעמאַכט דאַן אויך מיט דער האַנט, סיי די אידען, וואָס שרייבען טעאַטער קריטיק און סיי טאָמאַ־שעווסקי אַליין, האָבען זיך מעהר ניט גערעכענט מיט זיי.

אָבער, אומשטיינס געזאָגט, ווי לאַנג ביי אונז האַלט זיך אַ „משיח". טאָמאַשעווסקי פיהרט אויף אַ צווייטע פּיעסע פון דימאָוו'ן, „דער געדונגענער חתן" — אגב, ניט אין אַן ערך אַ בעסערע, איידער זיין „אייביגער וואַנדערער" — און אַז זי איז דורכגעפאַלען, איז אוים משיח!...

די העכסטע, נייעסטע קונסט האָט, הייסט עס, ניט אויסגע־

האַלטען. נעמט זיך דערנאָך טאָמאַשעווסקי צו דער פּשוט'ער, איינפאַכער קונסט, און הויבט אָן ווידער אויפצופיהרען מיינע פּיעסען און ווידער צייכענט ער זיך אויס אין זיי.

אין מיין „ישׂראל'ס האָפנונג" און אין „דער נעקסט־דאָריגער" האָט ער זיך ניט ווייניגער אויסגעצייכענט, איידער אין מיין קאָמעדיע „בריטש אָוו פּראָמיס", וואָס וועגען זיין באמת פיינעם שפּילען אין דער לעצטער פּיעסע האָב איך אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל שוין דערמאָנט.

„ישׂראל'ס האָפנונג" האָט אויך אַרויסגעבראַכט בערטאַ גערסטין.

## 4.

ווי אַזוי טאָמאַשעווסקי האָט זיך באַצויגען צו נייע אַקטיאָרען. — ווי ער האָט געשפּילט אין ישׂראלס האָפנונג" און אויך אין די „נעקסט־דאָריגע". — ווי אַזוי בערטאַ גערסטין איז באַקאַנט געוואָרען.

בעת טאָמאַשעווסקי האָט געזאָלט אויפפיהרען מיין „ישׂראל'ס האָפנונג", מאַכט ער איינמאָל צו מיר:

— איך האָב אַ וואויל אַקטריסעלע פאַר הדסה'ן (די הויפּט־העלדין פון דער דאָזיגער פּיעסע).

און ער רופט אָן ב ע ר ט אַ ג ע ר ס ט י ן.

צום קרעדיט פון טאָמאַשעווסקי'ן מוז דאָ געזאָגט ווערען, אַז צווישען אַלע אונזערע „סטאַרס" האָט ער זיך אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס ער האָט שטענדיג געגעבען אַ געלעגענהייט נייע אַקטיאָרען און אַקטריסעס אויפצוטרעטען און אויסצוצייכענען זיך אין זיין טעאַטער. רודאָלף שילדקרויט, מאַדאַם לאָבעל, סעמועל גאָלדענבורג, מיכאַלעסקאָ און נאָך און נאָך — זיי אַלע זיינען צו־ערשט אויפגעטראָטען אין זיין טעאַטער, און זיי אַלעמען האָט ער ברייט און ווייט רעקלאַמירט פאַרן פּובליקום — אַ זאַך, וואָס די אַנדערע „סטאַרס" וואָלטען קיינמאָל ניט געטאָן.

אַזאַ געלעגעהייט האָט ער אויך געוואָלט געבען בערטאַ גערסטין.

— איך ווייס ניט, אויב איהר קאָנט זי, אָבער א וואויל אַק־טריסעלע, — האָט ער גערעדט ווייטער.

ביים איינטיילען די ראָלען פון מיינער א פּיעסע, האָב איך שטענדיג געהאט א דעה.

בערטא גערסטין איז נאָך אינגאַנצען אומבאַקאַנט געווען דעם גרויסען פובליקום. איך האָב זי אויך ניט געקאָנט. זי האָט פריהער געשפּילט אין די ביליגע ווארייעטי טעאַטערס און איז דערנאָך ארויסגעטראָטען מיט דוד קעסלער׳ן אין מארק אָרנשטיין׳ס פּיעסע „דער פאַלשער משיח״ און איז דורכגעפאַלען.

דאָס, וואָס זי האָט פריהער געשפּילט אין די ווארייעטי־טעאַטערס, האָט מיך גאָר ניט איבערגעשראָקען, דערמאָנענדיג זיך אָן דעם ערפאָלג, וואָס די דאָזיגע ווארייעטי־אַקטיאָרען און אַק־טריסעס האָבען פריהער געמאַכט אין מיין „יענקעל בוילע״ אין אָדעאָן טעאַטער. וואָס מיך האָט אָבער געשראָקען איז דאָס, וואָס זי איז ערשט ניט לאַנג געהאט דורכגעפאַלען מיט קעסלער׳ן אין דעם „פאַלשען משיח״ און האָט דערנאָך געמוזט געהן צוריק אין די ווארייעטי־טעאַטערס.

איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף איהר ביי באַקאַנטע אַק־טיאָרען און אַקטריסעס, און קיין גינסטיגע מיינונג וועגען איהר אַלס אַקטריסע האָב איך פון זיי קיינעם ניט געהערט.

— א שעהן פּנים׳ל, אָבער אַן אַקטריסע, וואָס מען זאָל איהר מעגען אָנפאַרטרויען א פאַראַנטוואָרטליכע ראָל, זאָל אייך גאָט אָפּהיטען! — האָב איך געהערט פון אַלע זייטען.

און אַזוי ווי די ראָל פון הדסה׳ן איז כמעט די פאַראַנט־וואָרטליכסטע אין „ישראל׳ס האָפנונג״, האָב איך מורא געהאַט זי איינצושטעלען מיט אַן אַקטריסע, וואָס, חוץ טאָמאַשעווסקי׳ן, האָט קיינער וועגען איהר קיין גוט ווארט ניט געזאָגט.

די דאָזיגע ראָל האָב איך בדעה געהאַט צו געבען אַן אַנדער אַקטריסע, וועלכע איך האָב גוט געקאָנט.

מאַכט דאַן טאָמאַשעווסקי:

— לאָמיר פּרואווען. מיר וועלען זעהן ביי די פּראָבען. אויב

זי טויג ניט, וועלען מיר דערנאָך ביי איהר קאָנען אוועקנעמען די ראָל.

און אזוי איז געבליבען.

קום איך צו דער ערשטער פּראָבע. בערטא גערסטין הויבט אָן צו רעדען די „פּראָזאַ" פון איהר ראָל, און איך דערהער טענער... די ריכטיגע „קלאַסישע", די ריכטיגע „היסטאָרישע", וועלכע ווערען, געוועהנליך, באגלייט פון אויגען־גלאָצעניש...

זאָג איך דאן צו טאָמאשעווסקי'ן, אז זי איז ניט פאר הדסה'ן ; אז די אנדערע אקטריסע דארף די דאָזיגע ראָל שפּילען.

זאָל מיר מוחל זיין בערטא גערסטין, וואָס צוליב מיר האָט זי דעמאָלט איהרע שעהנע אויגען מיט טרערען פארדרויטעלט. זיכער בין איך דאָס ניט אויסען געוועזען. איך האָב נאָר אינ'ם זינען געהאט מיין פּיעסע...

אָבער אויף איהר, קאָן מען זאָגען, איז צום סוף מקוים גע־וואָרען דער ביבלישער פּסוק : „הזורעים בדמעה ברנה יקצרו" — די וואס זייען מיט טרערען, וועלען שניידען מיט געזאנג...

איהרע טרערען האָבען אן איינדרוק געמאכט סיי אויף טאָ־מאשעווסקי'ן און סיי אויף מיר. טאָמאשעווסקי, וועלכער האָט אלע מאָל געגלויבט אין מיינע „פּראָבען", האָט זיך אָנגערופען צו מיר :

— פּרואווט איהר דורכגעהן די ראָל מיט איהר עטליכע מאָל, און מיר וועלען זעהן. א רחמנות. א יונגע אקטריסע. מ'דארף איהר געבען א געלעגענהייט.

און עס איז געבליבען, אז נאָך דער „פּראָבע" אין טעאטער זאָל זי קומען צו מיר אהיים, וואו איך וועל מיט איהר די ראָל שטודירען.

און אזוי האָט זי געטאָן.

און איך דערמאָן זיך, אז שוין ביי דער דריטער פּראָבע אינ'ם טעאטער האָבען אלע אקטיאָרען און אקטריסעס, וואָס

זיינען אויף דער פּראָבע געווען, ברייט געעפענט די אויגען, ווען, די איינגעע בערטאַ גערסטין האָט גענומען רעדען די „פּראָזאַ" פון איהר ראָל.

בלאַנק — געדענק איך — וועלכער האָט אין דער דאָזיגער פּיעסע געשפּילט דעם דיכטער, האָט זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגען און ארויסגערעדט:

— הערט נאָר, הערט נאָר, זי רעדט דאָך עפּעס גאָר ווי א מענש!

און מאַדאַם עפּשטיין האָט אויך באמערקט:

— גאָר ניט צו דערקאָנען!

און טאָמאַשעווסקי איז גאָר באגייסטערט געוואָרען אויף זיין שטייגער.

— האָב איך אייך ניט געזאָגט, אז ווען איהר וועט איינ־שטודירען מיט איהר די ראָל, — האָט ער זיך אָנגערופען צו מיר.

מיר האָט עס אודאי הנאה געטאָן.

דערנאָך, אז מען האָט אויפגעפיהרט די דאָזיגע פּיעסע, האָט בערטאַ גערסטין אין איהר אַזאַ רושם געמאַכט, אז די גאַנצע פּרעסע איז פול געווען מיט איהר, און טאָמאַשעווסקי האָט אויף דער צווייטער, צי אויף דער דריטער וואָך, געהעכערט איהר גע־האַלט, אויב איך האָב ניט קיין טעות, שיער ניט פאַרדאָפּפּעלט, אזוי האָט זי זיך אויסגעצייכענט אין דער ראָל פון הדסה...

די פריהער גאַנץ אומבאַקאַנטע וואַרייעטי־אַקטריסע איז מיט אַמאָל באַקאַנט געוואָרען, פּונקט ווי די וואַרייעטי־אַקטיאָרען פון אָדעאָן טעאַטער אין מיין „יאַנקעל בוילע" מיט א יאָהר פריהער.

באזונדערס האָט זי זיך אויסגעצייכענט אין די ערשטע צוויי אַקטען פון „ישראל'ס האָפנונג". דאָרט איז זי באמת געווען א נאַאיוו, שעהן ליד, וואָס האָט אויף דעם אומשולדיגסטען אופן ארויסגעזונגען דעם דראַנג און די בענקעניש פון הדסה'ן, פון דער געבאָרענער קינסטלערין, וועלכע רייסט זיך צו אַנטפּלעקען... איהר הדסה האָט איהר חלום ארויסגע'חלומ'ט דורך שעהנע אומ־

שולדיגע קינדערשע אויגען, דורך אומשולדיגע קינדערשע מינעס, און דורך אזעלכע כשוף־טענער, וועלכע זיינען ווי געמישט געוועז מיט לבנה־שיין, האט זיך געדאכט...

די מערסטע קריטיקען זיינען געווען א געזאנג צו איהר שפּילען.

אין דער דאָזיגער פּיעסע האט אויך בלאנק ארויסגעוויזען אהן א שיער צארטקייט אלס דער אידישער דיכטער, הדסה'ס ברודער, און אויך מאדאם עפּשטיין האט זיך אויסגעצייכענט אלס ישראל'ס מאמע.

טאָמאַשעווסקי אליין, אלס ישראל, האט מאָמענטענווייז געשפּילט נאָך בעסער ווי אין „פאַרלאָרענעם גן עדן", צי ווי אין „בריטש אָוו פּראָמיס" (בערטשיק). אין דער לעצטער סצענע פון דעם צווייטען אקט, בשעת עס וועקט זיך אויף אין איהם צום ערשטען מאָל א חשד אויף זיין הדסה'ן, וועלכע ער פאַרגעטערט, און ווי ער זוכט דערנאָך צו דערשטיקען דעם דאָזיגען חשד אין דער מעשה'לע, וואָס ער דערצעהלט זיין קינד פאַר'ן שלאָפען־געהן, און ווי דער דאָזיגער חשד הויכט דאָך ארויס, אזוי ווי א פּראָסט, דורך דעם לאנגזאמען און פאַרטראַכטען טאָן זיינעס, וואָס פלעכט זיך איין אין דעם לאנגזאמען און דומפּען שלאָגען פון דעם וואַנט־זייגער אין א צווייטען צימער — אין דער דאָזיגער סצענע, פול מיט אמת'ער שטימונג, האט ער זיך ארויסגעוויזען אלס קינסטלער פון גאָר א הויכער מדרגה.

נאָך פיינער האט ער געשפּילט דעם דריטען אקט, באזונ־דערס זיין לעצטע סצענע. ווען זיין הדסה, שוין א באריהמטע זינגערין, פאַרלאָזט איהם און ער בלייבט מיט'ן חורבן אין האר־צען אליין, דאן לויפט אריין זיין קינד און רופט איהם שפּילען מיט איהם. ווי טאָמאַשעווסקי־ישראל האט זיך דאן א ריס געטאָן פון זיין קאָשמאַר, אזוי ווי פון א נאַכט־חושך אויף דער ליכטיגקייט ארויס, האט א כאַפּ געטאָן דאָס קינד צו זיך אויף די אקסלען און גענומען לויפען איבער'ן צימער און מיט שטילע

טענער, אין וועלכע אַ האַרץ האָט זיך געריסען, האָט ער זיך מיט זיין קינד געשפּילט:

„קויפט אַ שעפּעלע! ווער וויל קויפען אַ שעפּעלע?..."

די דאָזיגע שטילע סצענע, געשפּילט פון איהם, האָט ממש ווילד געמאַכט דעם עולם, און יעדער, וואָס האָט וועגען דער פּיעסע געשריבען, האָט דאַן באַזונדערס זיך אָפּגעשטעלט אויף איהר.

די, וואָס האָבען בלויז געזעהן דעם אַנדערען טאָמאַשעווסקי שפּילען, דעם טאָמאַשעווסקי־יצר־הרע, האָבען גאָר קיין באַגריף ניט געהאַט, ווי אַזוי טאָמאַשעווסקי־יצר טוב האָט אַמאָל געשפּילט!...

אַך, טאָמאַשעווסקי־יוצר טוב, בשעת זיין העכסטען טריאומף איז געשטאַנען דער אַנדערער, טאָמאַשעווסקי־יוצר הרע, מיט אַ גראָב־אייזען אין די הענט און געגראָבען אַ קבר פאַר דעם טריאומף פון דעם ערשטען...

נאָך „ישראל'ס האָפנונג" האָט ער אויפגעפיהרט מיין קאָמעדיע „די נעקסט־דאָריגע". און אין דער דאָזיגער קאָמעדיע האָט ער זיך ווידער אויסגעצייכענט, און אויך בלאַנק אַלס דער אַלטער שמיד, און אויך בערטאַ גערסטין אַלס דאָס גרינע ווייבעל, און קעסטין אַלס דער מאַן פון דער נעקסט־דאָריגער, און דאָראַ וויסמאַן אַלס די לעצטע, און אַזוי די איבעריגע אַקטיאָרען. די דאָזיגע קאָמעדיע האָט ניט ווייניגער אויסגענומען איידער „ישראל'ס האָפנונג".

עס איז אַ פאַקט, אַז די דאָזיגע צוויי פּיעסען האָט טאָמאַשעווסקי זיין גאַנצען סעזאָן דעמאָלט אָפּגעשפּילט, ביז די צווייטע טעג פון פּסח. און מיט אַמאָל — „העלאָ ניו יאָרק"... אויף די צווייטע טעג פון פּסח האָט די פּיעסע פאַרנומען זיין ביהנע. דאָס האָט געמיינט: גוד באַי, „ישראל'ס האָפנונג!" גוד באַי, „נעקסט־דאָריגע"! און העלאָ, טאָמאַשעווסקי־יוצר הרע!...

דער לעצטער האָט דאַן פאַרשטויסען דעם טאָמאַשעווסקי־

יוצר טוב אויף גאנצע צוויי יאָהר, האָט אויפגעפיהרט זיינע אָפּערעטען מיט רומשינסקי׳ס מוזיק און האָט פאַרטריבען דעם בעסערען עולם פון זיין טעאַטער.

דאָס האָט זיך דערנאָך ארויסגעוויזען ווען ער האָט שפּעטער ווידער געפּרואווט אויפפיהרען בעסערע פּיעסען אין זיין טעאַטער. דער בעסערער עולם האָט איהם שוין ניט געגלויבט. דער בעסערער עולם האָט שוין פאַרגעסען דעם אנדערען טאָמאַשעווסקי.

.5

פארוואס די בעסערע פּיעסע האָט ניט געקאָנט האָבען מעהר קיין ערפאָלג אין טאָמאַשעווסקי׳ס טעאַטער. — ווי דער קינסטלער טאָמאַשעווסקי האָט דערפון געליטען.

ווי איך האָב פריהער באמערקט, האָט דער פאַרפאַסער טאָמאַשעווסקי בסדר געשטיקט דעם קינסטלער טאָמאַשעווסקי; דער ערשטער האָט תמיד צושטערט דאָס, וואָס דער אנדערער האָט אויפגעבויט.

ווי ער זאָל זיך ניט האָבען פריהער אויסגעצייכענט אין א בעסערער פּיעסע, איז ער אָבער דערנאָך אויפגעטראָטען אין זיינעם אן אייגענעם שטיק, צי אין אן עהנליכען פון אן אנדערען, איז עס שטענדיג געווען פון אזא סאָרט, וואָס האָט זיין פריהער־דיגע ארבייט אַלס קינסטלער אינגאַנצען אָפּגעווישט.

ווייל אזא שטיק האָט קיינמאָל קיין געלעגענהייט ניט גע־געבען דעם קינסטלער טאָמאַשעווסקי׳ן צו שפּילען; אין אזא פּיעסע האָט מען אַלעמאָל געזעהן דעם אנדערען טאָמאַשעווסקי, צי גאָר דעם בעל־הבית פונ׳ם טעאַטער, וועלכער האָט זיך ס׳רוב אין איהר באוויזען נאָר ביי די שלום־אקטען, שטענדיג מיט א סיגאַר אין מויל און מיט אזא מינע, וועלכע האָט גערעדט, האָט זיך געדאַכט:

„מיינע טייערע אידעלאך, איהר האָט ביי מיר הנאה געהאַט פון מיינע לידלאך און מיינע טענץ און פון מיינע וויצען. איצט לאָז איך דעם פאָרהאַנג פאַלען און איהר אַפּלאָדירט מיר...”

און אַז מען האָט אפּלאָדירט, האָט מען ניט איהם אפּלאָדירט.

ער איז דאָרט פארלאָרען געגאַנגען צווישען די זינגער, וואָס האָבען בעסער פון איהם געזונגען, און צווישען די טענצער, וואָס האָבען פלינקער פון איהם געטאַנצט.

און אַזוי ווי אין די לעצטע יאָהרען האָט ער געשפּילט אַלץ אָפטער און אָפטער אין זיינע אייגענע שטיקער, האָבען יענע פון דעם אינטעליגענטערען עולם, וואָס זיינען אַמאָל געקומען אין זיין טעאַטער, כדי צו הערען אַ לידעל און זעהן אַ טענצעל, אָנגעהויבען ארויסצוטראָגען ניט קיין גינסטיגע מיינונג וועגען איהם אַלס אַקטיאָר; און אַפילו ביי דעם גרויסען און פּשוט'ן עולם, וואָס איהם איבערהויפּט האָט טאָמאַשעווסקי געהאַט אינ'ם זינען מיט זיינע שטיקער, האָבען איצט אויך אויסגענומען ניט טאָמאַשעווסקי, נאָר די בעסערע און אינגערע זינגער און די פלינקערע טענצער...

וואָלט ער כאָטש אין די מיטעלוואָכעדיגע פאָרשטעלונגען געשפּילט די בעסערע פּיעסען, אין וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכענט, וואָלט ער נאָך אָנגעהאַלטען זיין קינסטלער־פּרעסטיזש ביים עולם. אַזוי אָבער ווי די אָפּגעשפּילטע בעסערע פּיעסע האָט ער כמעט שטענדיג אַוועקגעשיקט אין איהר אייביגער רוה אויף די פּאָליצעס, האָט ער אויך זיין קינסטלערישען ערפאָלג, וואָס ער האָט אין איהר געהאַט, צוזאַמען מיט איהר אַהין אַוועקגעשיקט...

און מענשען האָבען אַ קורצען זכרון פאַר'ן קינסטלער; ער מוז שטענדיג זיי דערמאָנען וועגען זיך.

אַ ביישפּיל פון דעם אַלץ קאָן מען זעהן פון דער צייט, ווען ער האָט אויפגעפיהרט מיין פּיעסע „צוריק צו זיין פאָלק".

דאָס איז געווען צוויי יאָהר שפּעטער נאָך זיין אויפפיהרען פון מיינע צוויי פּיעסען „ישראל'ס האָפנונג" און די „נעקסט־דאָרינגע", וועלכע ער האָט אַ גאַנצען סיזאָן געשפּילט מיט גרויסען קינסטלערישען און מאַטעריעלען ערפאָלג.

דערנאָך האָט ער צווי יאָהר נאָכאַנאַנד געשפּילט זיינע אייגענע שטיקער — „דאָס צובראָכענע פידעלע“, „מזל טוב“, און אין קיין בעסערער פּיעסע האָט ער זיך ניט געלאָזט זעהן.

האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָכדעם, ווען ער האָט אויפגעפיהרט מיין „צוריק צו זיין פאָלק“, אַז דעם אינטעליגענטען עולם, וואָס ער האָט געצויגען ערשט מיט צוויי יאָהר צוריק, בעת ער האָט געשפּילט „ישראל'ס האָפנונג“ און די „נעקסט־דאָריגע“, ציהט ער שוין ניט מעהר, און דער גרויסער עולם וויל זעהן אין זיין טעאַטער בלויז אָפּערעטקעס...

און ווי טאָמאַשעווסקי און מיר אַלע האָבען געגלויבט אין דעם ערפאָלג פון דער פּיעסע „צוריק צו זיין פאָלק“! איבער־הויפּט נאָך דער פאָרשטעלונג אין פּעטערסאָן, וואו מען האָט זי צום ערשטען מאָל אויפגעפיהרט אַן אָווענט פריהער, איידער מען האָט זי אויפגעפיהרט אין ניו יאָרק.

יענע פאָרשטעלונג אין פּעטערסאָן וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסען. צווישען דעם עולם אינ'ם טעאַטער זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע זיינען צווישען די אַקטען אַרויסגעלאָפען און געקויפט בלומען פאַר די אַקטיאָרען. געווען דאָרט אַ ראַביי פון די „יאַהודים“, איז ער אַרויפגעלאָפען אויף דער ביהנע און האָט געהאַלטען אַ באַגייסטערטען „ספּיטש“ וועגען דער פּיעסע.

און נאָך דער פאָרשטעלונג האָבען הונדערטער מענשען פון דעם טעאַטער־עולם אונז באַגלייט צום „טריין“.

מיר אַלע זיינען אַזוי זיכער געווען אין דעם ערפאָלג, אַז ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין ניו יאָרק שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, זיינען מיר אַלע פאַרפאָהרען אין אַקטיאָרען־קלוב און דאָרט האָט טאָמאַשעווסקי אונז מכבד געווען מיט שאַמפּאַניער...

און דאָך . . . ווען טאָמאַשעווסקי האָט די אייגענע פּיעסע דערנאָך אויפגעפיהרט אין זיין טעאַטער, האָט זי קיין עולם ניט געבראַכט.

זי האָט קיין ערפאָלג אין זיין טעאַטער ניט געהאַט, טראָץ

דעם וואָס זי איז גלענצענד אויפגעפיהרט געוואָרען און איז גלענ־
צענד געשפּילט געוואָרען — אפילו, אמת, בלויז די ערשטע צייט,
כל זמן טאָמאשעווסקי האָט ניט פארלאָרען דעם מוט...

ביי יעדער פאָרשטעלונג האָט דאָס טעאטער געהילכט פון
אָוואציעס; און ביי איינער — געדענק איך — זיינען אמערי־
קאניש־אידישע סטודענטען און סטודענטקעס — מיטגלידער,
דאכט זיך, פון דער „מנורה“, צי פון אַן אַנדער אידישער געזעל־
שאַפט — אַזוי באַגייסטערט געוואָרען, אַז נאָך דעם דריטען אַקט
איז איינער פון זיי ארויפגעלאָפען אויף דער ביהנע, אַזוי ווי דער
ראַבאַי אין דעם טעאַטער אין פּעטערסאָן, און האָט געהאַלטען אַ
פייערדיגע רעדע, נאָך וועלכער אַלע סטודענטען און סטודענטקעס
און דער גאַנצער עולם מיט זיי האָט געזונגען די „התקוה“.

אַזאַ בילד פון ספּאָנטאַנער באַגייסטערונג האָט דאָס אידישע
טעאַטער נאָך קיינמאָל פריהער ניט געזעהן.

אויך די פרעסע האָט זיך זעהר גינסטיג אָפּגערופען וועגען
דער פּיעסע און דעם שפּילען פון די אַקטיאָרען.

קורץ, טראָץ דער גרויסער באַגייסטערונג און די אָוואציעס,
וואָס די דאָזיגע פּיעסע האָט ארויסגערופען, בשעת טאָמאשעווסקי
האָט זי געשפּילט אין זיין טעאַטער, האָט זי קיין גרויסען עולם
דאָך ניט געצויגען.

טאָמאשעווסקי האָט עס ניט געקענט פאַרשטעהן. „וואָס
איז דאָס? וואו איז דער בעסערער עולם? פאַרוואָס קומט ער
ניט?“ — האָט ער ביי יעדער פאָרשטעלונג געפרעגט, נאָך די
אָוואציעס.

און ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם עולם, וואָס ער האָט
ערשט מיט צוויי יאָהר צוריק געצויגען, בשעת ער האָט געשפּילט
„ישראל׳ס האָפנונג“ און „נעקסט־דאָרינג“; ער האָט זיך דער־
מאָנט ווי מיט צוויי יאָהר צוריק ביי אַ פאָרשטעלונג פון „ישראל׳ס
האָפנונג“ זיינען צו איהם איינמאָל אין גאַרדעראָב־צימער אריינ־
געלאָפען אַזוינע קינסטלער, ווי דער באַריהמטער פּיאַניסט גאָ־

דאָוויסקי מיט זיין פרוי און טאָכטער און אַרטור באָ־דאַנסקי, דער דירינענט פון מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז, און האָבען זייער באגייסטערונג פאַר איהם אויסגעדריקט. דער בעסטער עולם איז מיט צוויי יאָהר צוריק צו יענע פאָרשטעלונגען געקומען, פון דעם געוועהנליכען אינטעליגענט ביז די פריהער־אָנגערופענע באריהמטע קינסטלער און ביז דעם באריהמטען צימ־באַליסט און אַלמאַ גלוק.

און איצט, ביי „צוריק צו זיין פאָלק״, וואו איז געוועזען כאָטש דער געוועהנליכער בעסערער עולם? ...

צום סוף האָט טאָמאַשעווסקי אָנגעהויבען צו פארלירען דעם מוט און דאָס האָט זיך אויך אָפּגערופען אויף זיין שפּילען...

דאָך האָט ער די פּיעסע נאָך אַלץ געשפּילט; האָט יעדע וואָך דערלעגט געלט צו איהר און האָט זי געשפּילט. ווייל זי איז איהם טייער געווען. ווייל ער האָט אַלץ געהאָפט, טאָמער וועט דער עולם דאָך אָנהויבען צו קומען...

אזוי האָט ער זי אויפגעהאַלטען אויף דער ביהנע גאַנצע פיר וואָכען, ביז איינמאָל האָט ער ערקלערט:

— דער עולם וויל ניט זעהן די פּיעסע. איך פאַרשטעה ניט פאַרוואָס, נאָר איהר זעהט דאָך!...

און ווען ער האָט דאָס געזאָגט — געדענק איך — זיינען ביי איהם אין די אויגען געשטאַנען טרערען. אַלע אַקטיאָרען, וואָס האָבען אין דער דאָזיגער פּיעסע געשפּילט, האָבען דעמאָלט געפיהלט, אזוי ווי אַ נאָהענטער וואָלט ביי זיי געשטאָרבען...

און אַז ער האָט דערנאָך אויפגעשטעלט זיין אָפּערעטע „די חזנ׳טע״, האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטאָן פון אַלע זייטען אין זיין טעאַטער. אזוי ווי דערמיט וואָלט דער עולם באוויזען, אַז ביי טאָמאַשעווסקי׳ן אינ׳ם טעאַטער וויל ער נאָר זעהן און הערען טאַנץ און געזאַנג...

אַז „די חזנ׳טע״ האָט אויסגענומען, האָט מען ביי טאָמאַ־שעווסקי׳ן אין טעאַטער גענומען רעדען, אַז „צוריק צו זיין פאָלק״

האָט דערפאַר ניט אויסגענומען ביים עולם, ווייל עס איז ניט קיין פּיעסע. ווי דער מנהג איז שטענדיג ביי טעאַטער־מענשען, ווען זיי רעדען וועגען אַ פּיעסע, וועלכע האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט. נעמט אוים אַ פּיעסע, איז אין דעם אַלע מאָל שולדיג דער מענעדזשער, די אַקטיאָרען און אפילו דער טיר־שטעהער. פאַרקערט, פאַלט דורך אַ פּיעסע, איז אַלע מאָל שולדיג אין דעם נאָר דער פאַרפאַסער און די פּיעסע.

מיין „צוריק צו זיין פאָלק" וואָלט דאַן געבליבען טויט ווי אַ סך אַנדערע פּיעסען, און די טעאַטער־מענשען וואָלטען גערעכט געבליבען מיט זייער טענה, אַז עס איז ניט קיין פּיעסע, ווען ניט אַ צופאַל.

דער צופאַל איז געווען סעמועל גאָלדענבורג, וועלכער האָט געשפּילט אין פילאַדעלפיא אין אַרטש סטריט טעאַטער.

ער האָט די פּיעסע אויפגעפיהרט אין פילאַדעלפיא און זי האָט דאָרט אַזא רושם געמאַכט, אַז מען האָט זי דאָרט געשפּילט אַ גאַנצען סיזאָן אין אַרטש סטריט טעאַטער, וואו אַ נייע פּיעסע איז געווענליך מעהר ווי צוויי וואָכען ניט געשפּילט געוואָרען. זייט דעמאָלט האָט מען „צוריק צו זיין פאָלק" ניט אויפגעהערט צו שפּילען און היינט איז זי איינע פון די פּאָפּולערסטע פּיעסען אין דעם אידישען רעפּערטואַר, און די ראָל פון דעם באַנקיר בלעק, די הויפּט־פּערזאָן אין דער דאָזיגער פּיעסע, איז געבליבען גאָלדענבורג'ס בעסטע ראָל...

טאָמאַשעווסקי האָט דערנאָך געפּרואווט אויפפיהרען אַנ־דערע בעסערע פּיעסען, פון דימאָוו'ן און פון יושקעוויטש'ן, דער עולם איז אָבער בלויז דאַן געקומען אין זיין טעאַטער, ווען מען האָט דאָרט געטאַנצט און געזונגען...

אזוי האָט דער קינסטלער טאָמאַשעווסקי פאַרלאָרען דעם באָדען אין זיין אייגענעם טעאַטער און איז געפאַלען אַלס קרבן פון דעם צווייטען טאָמאַשעווסקי — פון טאָמאַשעווסקי־יוצר הרע!...

# אַברהם גאָלדפאַדען

א פּאָר מאָמענטען מיט איהם. דער איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט.

דורך טאָמאַשעווסקי׳ן האָב איך זיך אויך באַקאָנט מיט איהם, דעם גרינדער פונ׳ם אידישען טעאַטער.

דאָס איז געוועזן באַלד ווי גאָלדפאַדען איז געקומען קיין אַמעריקאַ, אינ׳ם יאָהר 1905, אויב איך האָב ניט קיין טעות. מאַכט צו מיר איינמאָל טאָמאַשעווסקי:

— גאָלדפאַדען וועט ביי מיר היינט זיין אין טעאַטער. קומט איהר אויך, אויב איהר ווילט זיך מיט איהם באַקאָנען.

און איך האָב איהם זעהר געוואָלט טרעפען. ווייל פאר מיר איז ער געוועזן די לעגענדע פון מעשה בראשית פונ׳ם אידישען טעאַטער — די לעגענדע, וואָס האָט דערצעהלט, ווי אַזוי ער, גאָלדפאַדען, האָט פון זינגער אין די אַמאָליגע וויין־קעלערס און פון משוררים ביי חזנים, און פון סתם וואוילע יונגען, געשאַפען אַ טעאַטער, דעם ערשטען אידישען טעאַטער.

און, אַ חוץ דעם, איז ער פאר מיר געוועזן דער דיכטער פון שולמית, וואָס מיט איהר איינפאַכקייט און נאַאיוויטעט איז זי נאָך ביז היינט די איינציגע אמת׳ע אָפּערעטע אויף אונזער ביהנע.

קום איך אין פּיפּעלס טעאַטער און טרעף איהם ביי טאָמאַשעווסקי׳ן אין גאַרדעראָב־צימער.

אַ מאָדנעם איינדרוק מאַכט ער אויף מיר. אַ הויכע, אימפּאָזאַנטע געשטאַלט. אַ שניי־ווייסער קאָפּ. אַ פּנים, ווי פון פאַרשטייבטען מאַרמאָר. און אַ שוואַרצע פעלערינע טראָגט ער,

וואָס זי איז צושפּיעליעט און ווייזט ארוים אַ שניי־ווייס געפּרעסט העמד, מיט אַ ווייסען קראוואַט. און אויף די הענט ווייסע האַנט־שוה. און אויף אַ שטול נעבען איהם ליגט אַ גלאַנציגער צילינדער־הוט און אַ שטאָק מיט אַ באַגולדעטען קאָפּ.

און מיר ווייזט זיך אויס, געדענק איך, אַז דאָס איז עפּעס אַן אַקטיאָר, וועלכער האָט זיך דאָרט, ביי טאָמאַשעווסקי'ן אין גאַרדעראָב־צימער, פאַרגרימירט אין אַ ראָל, און אַז באַלד וועט ער זיך אויפהויבען און וועט אַ כאַפּ טאָן זיין צילינדער־הוט און שטאָק און וועט ארויסלויפען אויף דער ביהנע...

ער צורעדט זיך מיט מיר, און דער איינדרוק, אַז דאָס איז אַן אַקטיאָר, ווערט ביי מיר נאָך שטאַרקער. ער האַלט דעם שניי־ווייסען קאָפּ אָפּגעוואָרפען אַהינטער און דער פּנים, ווי פון פאַר־שטויבטען מאַרמאָר, איז פאַרריסען ארויף און באַוועגט זיך ניט, און די אויגען זיינען פאַרגלאָצט, און די הענט מיט די ווייסע האַנט־שוה האַלט ער געגען זיין ברוסט צונויפגעלעגט פינגער צו פינגער, און די ווערטער, וואָס ער רעדט ארויס, אָדער, ריכטיגער, וואָס ער דעקלאַמירט ארויס, זיינען אויך עפּעס פאַרגלאָצטע, שמעקען שטאַרק מיט'ן „קלאַסישען" טאָן פון טעאַטער...

איך דערמאָן זיך, ער האָט גערעדט פון גאָרדינ'ען:

— וואָס ער האָט געטאָן מיט מיין קינד! גענומען מיין גע־ליבט קינד, מיין אידיש קינד, מיין בנימינ'ען, און איהם אָפּגע־שמד'ט! מיין קדשי קדשים האָט ער מטמא געמאַכט. ער איז דאָך גאָר אַ מיסיאָנער, ווי קומט ער צום אידישען טעאַטער!...

אַזוי אומגעפעהר, געדענק איך, האָט ער אין יענעם אָווענט גערעדט פון גאָרדינ'ען, און מיט'ן אָנרופען איהם „מיסיאָנער" האָט ער געמיינט דעם פאַקט, וואָס גאָרדין איז אַמאָל געווען דער גרינדער פון דער „ביבלייאישער ברודערשאַפט" אין יעליסאַוועט־גראַד.

ער האָט עס אָבער געזאָגט אָהן הארץ, אָהן געפיהל, לאַנגזאַם און אויטאָמאַטיש ארויסדעקלאַמירענדיג פאַרגלאָצטע ווערטער, אַזוי

ווי ער וואָלט פאַר זיך אַ קלאַסישע ראָל דעקלאַמירט, וואָס ער וועט באַלד דאַרפען שפּילען אויף דער ביהנע.

דער פאַרגרימירטער טאָמאַשעווסקי לויפט ארויס פון גאַר־דעראָב־צימער. מען האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז ער דאַרף באַלד אויפטרעטען אויף דער ביהנע. גאָלדפאַדען בלייבט מיט מיר אַליין.

און מיט אַמאָל — אַן אַנדער גאָלדפאַדען. דעם קאָפּ האָט ער ארונטערגעלאָזט, איינגעהויקערט זיך אויפ'ן שטול, און די הענט מיט די ווייסע האַנט־שוה דריקען אויף זיינע קני, און ער שאָקעלט זיך, און זיין פּנים זעהט אויס אַזוי באַטריבט.

— אַי־אַי־אַי, מיינע קינדער! — קרעכצט ער ארויס.

און ער הויבט זיך אָן צו קלאָגען פאַר מיר אויף די אַקטיאָרען, זיינע קינדער, וואָס ווילען איהם איצט ניט קאָנען.

ער האָט זיי פאַר מענשען געמאַכט. איצט האָבען זיי קאַר־רעטען און פּאַלאַצען, און כבוד, און זייער טאַטען ווילען זיי מעהר ניט קאָנען. דער איינציגער פון זיי, וואס דערקאָנט איהם יאָ, איז טאָמאַשעווסקי, דוקא איינער, וואָס ער איז קיינמאָל זיין אַקטיאָר ניט געווען.

— ווייסט איהר, וואָס זיי וואָלטען געווען אָהן מיר? — רעדט ער שוין מיט הארץ און מיט וועהטאָג, און זיין פּנים, ווי פון פאַר־שטויבטען מאַרמאָר, איז שוין אויפגעלעבט און רויטעלט זיך, — אַלפאָנסען און קארמאַנשטשיקעס וואָלטען אַ סך פון זיי פאַרבליבען, ווען ניט איך! איהר ווייסט די געשיכטע פון דעם אידישען טעאַטער? איך וועל אייך דערצעהלען. אַלפאָנסען און אַנדערע וואוילע יונגען זיינען געגאַנגען פון די שענקען און קאַבאַקען צו זייערע מוידען, האָב איך זיי אָפּגעשטעלט אויפ'ן וועג און זיי גע־זאָגט: „קינדער, וואַרפט אַוועק אייערע מוידען און אייער הול־טאַיסטוואָ, און קומט, מיר וועלען בעסער שפּילען אידיש טעאַטער".

— און אַזוי איז באַשאַפען געוואָרען דאָס אידיש טעאַטער!...

טאָמאַשעווסקי קערט זיך צוריק אין זיין גאַרדעראָב־צימער. און ווידער דעם פריהערדיגען גאָלדפאַדען דערזעה איך פאַר זיך.

ווידער האלט ער דעם קאָפּ אָפּגעוואָרפען צוריק, און דער פּנים באוועגט זיך ניט און איז פאַרריסען ארויף, און די אויגען זיינען פארגלאָצט, און די הענט מיט די ווייסע האַנט־שוה זיינען צונויפ־געלעגט געגען ברוסט א פינגער צו א פינגער.

און רעדט ער, קומען ארוים ווידער די ווערטער פארגלאָצטע, און אזוי ווי זיי וואָלטען געקראָכען און זיך פארטשעפּעט איינס אָן דעם אנדערען...

קאָנטיג געווען, אז פון די אלטע צייטען איז ביי איהם פאר־בליבען די געוואוינהייט צו שפּילען פאר אקטיאָרען אָט די דאָזיגע אימפּאָנירענדיגע ראָל.

ווייל, ווי מאָגולעסקאָ האָט מיר אמאָל דערצעהלט, האָט גאָלד־פאדען אין זיין צייט באהאנדעלט זיינע אקטיאָרען ווי א גרויסער פריץ — זיינע קנעכט...

איך האָב איהם געטראָפען נאָך עטליכע מאָל, דער איינדרוק פון דעם ערשטען מאָל איז אָבער ביי מיר פארבליבען...

# בעסי טאָמשעווסקי

**אן ערנסטער טאַלאַנט, וואָס שלעפּט אויף זיך די הויזען פון דעם אומגעלומפּערטען פּאַרס.**

איך דערמאָן זיך, מיט עטליכע און צוואַנציג יאָהר צוריק איז דאָס געווען, ביי א פּאָרשטעלונג פון גאָרדינ׳ס „דבורה׳לע מיוחסת" אין דעם אמאָליגען ווינדזאָר טעאַטער.

צווישען די מענשען אויף דער ביהנע האָט זיך אַרומגעדרעהט א יונגער, שווינדזיכטיגער בחור׳ל, מיט אַן ארבע כנפות ביז צו די קני, און געוועקט רחמנות צו זיך מיט דעם טרוקענעם און הייסען בליק פון זיינע פיבערישע אויגען און מיט דעם טרוקענעם הוסט פון זיינע קראַנקע לונגען.

האָט ער גערעדט, האָט מען געפיהלט אין זיין הייזעריגען קול, ווי דאָס לעבען צאַנקט דאָרט, אין דעם יונגען, פאַר־דער־צייט חרוב־געוואָרענעם גוף, ווי אַן אויסגעהענדיג ליכט...

דער דאָזיגער בחור׳ל איז שטאַרק צוגעבונדען געווען צו זיין עלטערען ברודער, דעם געזונטען און גוטמוטיגען שלאָסער (טאָמאַ־שעווסקי), וועלכער, אין פאַרגלייך צו איהם, האָט אויסגעזעהן, ווי א מעכטיגער דעמב.

ווי דער קראַנקער בחור׳ל האָט געציטערט איבער זיין ברודער און ווי ער האָט געליטען, בעת ער האָט גענומען באַמערקען, אַז די מיוחסת דבורה׳לע ווערט איהר מאַן, זיין גוטען ברודער, אומטריי!

דער קראַנקער בחור׳ל האָט געהאַסט זיין שוועגערין, און מיט וואָס פאַר א קרענקליכער ליידענשאַפט האָט דער דאָזיגער האַס אַרויסגעפלאַמט פון זיינע פיבערשע אויגען!

אזוי ווי א צורייצטער הונט פון א קייט האָט זיך דער האס
פון זיינע אויגען געריסען...

איך געדענק, ווי איך האָב זיך דעמאָלט פאַרוואונדערט, בעת
איך האָב זיך דערוואוסט, אז דער דאָזיגער קראַנקער בהור'ל איז
א פרוי, מאדאם בעסי טאָמאַשעווסקי.

א היבשע צייט דערנאָך בין איך געווען אונטער דעם איינ־
דרוק, אז די דאָזיגע אַקטריסע איז ווי געבאָרען געווען צו שפּילען
אזעלכע מרה־שחורה'דיגע און קרענקליכע ראָלען.

נאָר אָט זעה איך זי דערנאָך אין מיין „מינאַ'ן". זי שפּילט
דאָרט מינאַ'ס טאָכטער — אַן אינטעליגענט און ערנסט מיידעל,
וועלכע, ניט ווייסענדיג אַליין, קאָנקורירט דאָרט מיט איהר מוטער
אין ליבע.

דאָ איז שוין אַן אַנדער מענש, אַן אַנדער ווינקעל פון איהר
טאַלאַנט באַווייזט זיך פאַר אונז. זי לאַכט מיט מיידעלשער יוגענד,
זי טוט א שטיפ, אָבער נאָך אַלץ ערנסט, צוריקגעהאַלטען, מעשה
אינטעליגענט מיידעל, וואָס איהר איז ניט פרעמד דער וועלט־
שמערץ און וועלכע אינטערעסירט זיך מיט וועלט־פּראָבלעמען...

זי איז נאָך אַלץ, הייסט עס, אַן אַקטריסע פאַר ערנסטע, דראַ־
מאַטישע ראָלען, אמת אפילו, ניט דוקא פאַר'מרה־שחורה'דיגע און
קרענקליכע, ווי איך האָב פריהער געדענקט...

אָבער אָט טרעט זי אַרויס אין מיין „סאָניא פון איסט בראָד־
וויי" — אין א דורכאויס קאָמישען כאַראַקטער פון א תמ'עוואַטער
דינסטמיידעל — און וואָס פאַר א קוואַל פון געזונטען קאָמיזם זי
האָט פאַר אונז געעפענט!...

איהר יעדער טריט, איהר יעדע באַוועגונג, מינע און בליק,
האָבען מיט דעם געזונסטען קאָמיזם געשפּריצט.

און שפּעטער זעה איך זי פּלוצים גאָר אין א בוף־קאָמישער
ראָל, וואו זי קעהרט א וועלט... דאָרט איז זי פריי, ניט געבונדען
פון קיין ראָל און פון קיין כאַראַקטער, שפּילט זי זיך אַליין, שפּילט
זי די שטיפעריין, וואָס ברויזט און קאָכט אין א י ה ר א ל י י ן . . .

פאַר א פאַרשפּאָרט פייער האָט מען טיר און פענסטער גע־

עפענט, און עס האָט אַרויסגעבראָכן אין ווילדן פֿלאַקער און אין פֿלאַקערדיגער אומאָרדנונג.

אַזוי האָט פֿון איהר די שטיפֿערייי דאַן אַרויסגעפֿלאַקערט. ווילד, אין אומאָרדנונג, אָפט אומגעלומפּערט, אָפט וואולגאַר, דער־פֿאַר אָבער אַזוי קאָכעדיג־פֿרעהליך, מיט אַזוי פֿיל געזונטען גע־לעכטער, אַז, קוקענדיג אויף איהר, האָט איהר גאָר ניט געטראַכט, צי דאָס, וואָס זי שטעלט פֿאַר, האָט אַ זין, און איהר האָט געלאַכט מיט איהר און פֿון איהר בלוט־רויטער פֿרעהליכקייט איז אייך פֿרעהליך געוועזן און צוליב דעם האָט איהר ס'רוב אפילו איהר מוחל געוועזן פֿאַר איהר וואולגאַריטעט...

איך דערמאָן זיך, ביי איינער פֿון איהרע אַזעלכע פֿאָרשטעל־לונגען איז אַמאָל געוועזן דער באַריהמטער רוסישער אַקטיאָר פּ. אָרליענייעו, און נאָך דער פֿאָרשטעלונג האָט ער געהאַלטען אין איין ריידען וועגען איהר:

— וואָט טשערטיאָנאָק! וואָט מאַלענקי דיאַוואָל! (אָט דאָס איז אַ רוח! אָט דאָס איז אַ קליין טייוועל!).

און באמת, זי איז געוועזן אַ קליין טייוועל.

אָבער, ליידער, ליידער, האָבען די דאָזיגע פֿאָרשטעלונגען, וואו זי האָט כסדר געשפּילט די בוף־קאָמיקעריין, איהר קיין גוטס ניט געטאָן. זיי האָבען געשטערט דער געזונטער אַנטוויקלונג פֿון איהר טאַלאַנט, און צוליב די „גרינע בחורים" האָט זי צוריסען און דערשטיקט איהר אַמאָליגען קלאָרען און הילכיגען אָרגאַן, און ביים גרויסען עולם איז זי פֿאַרוויגט געוואָרען אַלס אַקטריסע, וואָס מוז קיצלען שטענדיג זיין לאַך־אַפּאַראַט...

די ערנסטע זייט פֿון איהר טאַלאַנט איז פֿאַר איהר אויף אַזאַ אופֿן פֿאַרלאָרען געגאַנגען.

זי איז אַרויסגעטראָטען אין מיין „פֿאַרלאָרענעם גן עדן" און האָט איהר ערנסטע ראָל קינסטלעריש געשפּילט; זי איז אַרויס־געטראָטען אין זאַנגוויל'ס „קינדער פֿון דער געטאָ" און האָט קינ־סטלעריש געשפּילט; אַזוי אויך אין דימאָוו'ס „שמע ישראל" און נאָך אין אַנדערע ערנסטע ראָלען, וואו זי האָט איבערהויפּט אַרויס־

געוויזען אומפּאַרגלייכליכען ש ט ו מ ע ן, ט ר אַ ג י ש ע ן ש פּ י ל; און דאָך... דער עולם קאָן נאָר און וויל נאָר קאָנען די בעסי טאָמאַשעווסקי פון דעם „גרינעם בחור", פון „סיידי פּלאַם", פון „חאַנטשע" און פון נאָך אַזעלכע שטיקער, וואו מען זעהט זי אַלס די שטיפערקע מיט טאַלאַנט, אָבער ניט אַלס די אַקטריסע מיט דעם ערנסטען טאַלאַנט.

אַזוי איז שוין דער גרויסער עולם. ער לעגט אַרויף אויף אַלעמען און אַלצדינג אַ באַזונדערען שטעמפּעל, און פאַרפאַלען. אַזוי אויך אויף זיינע אַרטיסטען...

אַדלער האָט געמוזט קרעכצען און וויינען, און דוקא „ליטע־ראַריש"... די פאַרשטאָרבענע ליפּצין האָט געמוזט ביי יעדער פאָרשטעלונג ווייניגסטענס איין מאָל אויסברעכען אין אַ היסטע־ריקע. מאָגולעסקאָ האָט געמוזט טאַנצען און זינגען לידלאַך. אַזוי האָבען די אַנדערע אַקטיאָרען און אַקטריסעס געמוזט טאָן די אַר־בייט, וואָס דער גרויסער עולם האָט פאַר זיי באַשטימט — ערשט דאַן האָבען זיי איהם צופרידען געשטעלט. אַזוי האָט ער פון בעסי טאָמאַשעווסקי בלויז דעמאָלט אמת'דיג הנאה געהאַט, ווען זי האָט זיך געוויזען פאַר איהם אין הויזען, ווען זי האָט גע„סיידי־פּלאַ־מעוועט" מיט דער גרויסער פעדער פון איהר הוט, צי ווען זי האָט גע„חאַנטשעוועט" און בכלל זיך משוגע געמאַכט.

און בלויז דערמיט קאָן מען ערקלערען, פאַרוואָס זי האָט דאָ ניט אויסגענומען ביי דעם גרויסען עולם אין מיין „דעם דאָקטאָר'ס ווייבער", אַזוי ווי איהר העכסט קינסטלערישער שפּילען אין דער דאָזיגער פּיעסע האָט עס פאַרדינט.

זי האָט ניט געטאָן פאַר דעם עולם די אַרבייט, וועלכע ער האָט פאַר איהר באַשטימט!...

עס איז ניט ריכטיג, וואָס מען האַלט, אַז איהר טאַלאַנט איז דורכאויס אַ קאָמישער. איבערהויפּט ווייסט ניט דער אמת'ער טאַלאַנט פון אַזעלכע צוטיילונגען. דער שוואַכער טאַלאַנט איז, אמת, ס'רוב באַשרענקט צי אויף דראַמע, אדער אויף אַ קאָמעדיע, אָבער ניט דער שטאַרקער, פול־בלוטיגער טאַלאַנט. אַדלער, קעס־

לער, טאָמאַשעווסקי, מאָשקאָוויטש, בלאַנק, סאַראַ אַדלער און בערטאַ קאַליש, און נאָך אַנדערע פון אונזערע באַוואוסטע אַקטיאָרען און אַקטריסעס, וואָס האָבען זיך כסדר אויסגעצייכענט אין דראַמאַטישע ראָלען, האָבען זיך ניט ווייניגער אויסגעצייכענט, ווען זיי האָבען אַמאָל געשפּילט אַ קאָמישע כאַראַקטער־ראָל; און ווען דער פאַרשטאָרבענער מאָגולעסקאָ האָט זיך אַמאָל צוכליפּעט אויף דער ביהנע, האָט דער טעאַטער־עולם מיט איהם מיטגעוויינט.

איך דערמאָן זיך, ווי איינמאָל ביי אַ פאָרשטעלונג פון איבּסענ'ס „געשפּענסטער" האָט אָרליענעו ממש צובראָכען דעם עולם מיט זיין נעווראַסטעניש־מאַניאַגישען שפּילען פון אָסוואַלד, און דערנאָך, אין עטליכע טעג אַרום, האָט ער אין אַ רוסישער פּיעסע געשפּילט אַ קאָמישע ראָל, און דער גאַנצער עולם האָט זיך געקייקעלט פאַר געלעכטער...

דאָס אייגענע האָב איך געזעהן מיט אַ יאָהר צוואַנציג צוריק ביי דעם פאַרשטאָרבענעם זאָנענטאַל, ווען ער, דער גרויסער אידיש־דייטשער קינסטלער, האָט דאָ גאַסטראָלירט אין דייטשען אירווינג פּלייס טעאַטער; און אויך ווען די פאַרשטאָרבענע קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ האָט דאָ געשפּילט, וועלכע איז דוקא אין דער לייכט־קאָמישער ראָל פון „דיקאַרקאַ" (ווילדע) מיר אַ סך בעסער געפעלען געוואָרען איידער, מיר וועלען זאָגען, כאָטש אין דער ערנסטער „נאָראַ". ווייל וואָס אמת'ער דער קינסטלער איז, וואָס מעהר טאַלענטירט ער איז, אַלץ מעהר פיהלט ער די נשמה פון דעם לעבען (וואָס זי איז דאָך באמת דער קוואַל פון יעדער קונסט, אין וואָס פאַר אַ פאָרם זי זאָל זיך ניט אויסדריקען און וואָס פאַר אַ נאָמען זי זאָל ניט טראָגען) און אַלץ טיפער און ברייטער דריקט זי זיך אויס אין זיין שאַפען.

און די נשמה פונ'ם לעבען איז ניט אַלע מאָל פאַריאָמערט, זי לאַכט אַמאָל אויך; און ניט אַלע מאָל לאַכט זי — זי וויינט אַמאָל אויך. פול מיט שטימונגען, סיי טראַגישע און סיי קאָמישע, איז זי, וועלכע בייטען זיך כסדר...

און ווייל בעסי טאָמאַשעווסקי איז אַן אמת'ער טאַלאַנט, האָט זי אויך דעם דעם געלעכטער און דעם טראַגיזם פון'ם לעבען גע־קאָנט אויסדריקען.

דאָס האָט זי געוויזען מיט איהר טאַלאַנטירטען שפּילען סיי אין דראַמאַטישע און סיי אין קאָמישע און סיי אפילו אין בורלעסק־קאָמישע ראָלען.

באַזונדערס האָט זי דאָס געוויזען בעת איהר איז אויסגעקומען צו שפּילען אַ ראָל, וועלכע האָט אין זיך קאָמבינירט סיי דעם קאָמישען עלעמענט און סיי דעם דראַמאַטישען, ווי אין מיינע „צוויי שוועסטער", מיט אַ יאָהר צוואַנציג צוריק, און אין מיין „דאָקטאָר'ס ווייבער", די לעצטע פּאָר יאָהר.

עס איז שווער צו פאַרגעסען איהר קליינע רוטי פון די „צוויי שוועסטער", וועלכע איז צוערשט איין פרעהליכער און טאַנצענ־דיגער זוניגער געלעכטער, וואָס זיין ליכטיגקייט און ווארימקייט וועקען אויף ליבע און לעבען אין דעם כמעט אָפּגעשטאָרבענעם הארצען פון אַן אָפּגעלעבטען מאַן, און וועלכע איז שפּעטער פאַר־צווייפעלטער שרעק און טראַגישער יאָמער.

איהר נאַאיווער, קינדערשער טראַגיזם האָט מיט ניט ווייניגער קראַפט דאָן פאַרכאַפּט דאָס הארץ ביים צושויער, ווי איהר זאָרג־לאָז־קינדערשער, מיט לוסטיגקייט שפּריצענדער, זוניגער געלעכטער פריהער...

אזוי אויך, ווען מען האָט זי געזעהן אין „דעם דאָקטאָר'ס ווייבער", ווי זי האָט געשפּילט די דאָזיגע קאָמעדיע אין דער ערשטער צייט.

זי איז גוט געווען דאָרט אין דעם ערשטען אַקט, הגם אין געוויסע מאָמענטען האָט זי דאָרט אַ היבש ביסעל איבערטריבען. זי איז נאָך בעסער געווען אין דעם צווייטען, וואו איהר קאָמיזם איז געווען אזאַ חנ'עוודיגער, אזאַ גראַציעזער, אזאַ פרייער, ניט־געצוואונגענער; און זי איז געווען אַ קינסטלערין פון גאָר אַ הויכער מדרגה אין דעם דריטען אַקט, ד ו ק א א י ן ד י ט ר א ג י ש ס ט ע מ אָ מ ע נ ט ע ן...

אַט דאָס איז אונזער בעסי — אַן אמת'ער טאַלאַנט, װעלכער אָבער װערט צו אָפט פאַרלאָרען אין די הױזען פון דעם אומגעלומ־פערטסטען פאָרם און פאַר „סײדי־פלאַמעװעט" און פאַר „חאַנטשע־װעט" אונטער אַ משונה'דיגען הוט מיט אַ גרױסער קיצעלדיגער פעדער פאַר דעם לאַך־אַפּאַראַט פון דעם װערטען פּובליקום!

# מאָרים מאָשקאָוויטש

דער בראָדווייער אַקטיאָר צווישען די אידישע. — זיין אַרבייט און זיין אויפטו פאַר דער בעסערער אידישער ביהנע.

היינט איז ער אַן ענגלישער אַקטיאָר אין לאָנדאָן מיט אַ היבשער רעפּוטאַציע ; אָבער ביז מיט עטליכע יאָהרען צוריק נאָך האָט ער געשפּילט אידישע פּיעסען אין אידיש, אויף דער אידישער ביהנע.

ער איז, קאָן מען זאָגען, געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער בעסערער אמאָליגער אידישער ביהנע. ער האָט געקעמפּט פאַר איהר און געהונגערט צוליב איהר.

ער איז צוגעקומען צו דעם אידישען טעאטער אין יענער צייט, ווען יעקב גאָרדין האָט זיך אַקאָרשט געהאַט באַוויזען און ווען צו זיין אַן אַקטיאָר פון זיינע פּיעסען, וואָס אדלער האָט זיי אָנ־געהויבען אויפצופיהרען, האָט געמיינט בוכשטעבליך צו הונגערען.

און מאָשקאָוויטש האָט געהונגערט, איז צופרידען געווען צו הונגערען ,אבי צו שפּילען טעאטער אין דער ב ע ס ע ר ע ר פּ י ע ס ע.

איך דערמאָן זיך, ער האָט זיך אַמאָל געקלאָגט פאַר מיר. (ער האָט דעמאָלט געשפּילט ביי אדלער'ן, אין דעם אמאָליגען קליינעם טעאַטערעל אויף דער בויערי) :

גרויסע צרות. ער אַרבייט אין דער פריה ביי די רעפּעטיציעס און אַרבייט יעדען אָוונט ביים שפּילען — און וואָס ? קוים אַכט דאָלאַר געהאַלט פאַר אַ גאַנצער וואָך ! פּראָפעסאָר הורוויץ לעגט איהם פאַר צו שפּילען אין זיין קאָמפּאַניע ; דאָרט וואָלט ער שוין

גאָר גוט פּאַרדינט, אפשר 25 דאָלאַר די וואָך; נאָר געה שפּיל אין זיינע פּיעסען, — ניין, בעסער הונגערען!...

און ער האָט די בעסערע פּיעסע ניט פאַרלאָזען.

ווי ווייט איך געדענק, האָט ער אין יענע יאָהרען זיך קיינמאָל ניט פאַרבונדען מיט די קאָמפּאַניעס, וואָס האָבען דורכאויס געשפּילט די פּיעסען פון דעם ביליגערען מין.

א הייסער חסיד פון גאָרדינ'ען, האָט ער מיט א באַזונדער ליבע יענעמ'ס פּיעסען געשפּילט, אין וועלכע ער האָט זיך אַלע מאָל אויסגעצייכענט.

ער האָט שטענדיג געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אינטעליגענט און פון א שטיקעל קאָקעט, סיי מיט זיין אויסזעהן און סיי מיט זיין האַלטונג, ווי אין דעם לעבען, אַזוי אויף דער ביהנע.

א הויכע און שלאַנקע פיגור, מיט א לענגליכען און אינטע־ליגענטען פּנים, האָט ער שטענדיג אַזוי ווי קאָקעטיש געשמייכעלט מיט זיינע דינע ליפּען און מיט זיינע קלוגע, העלע אויגען און מיט זיין שווארצער טשופּרינע, וועלכע האָט זיך אַלע מאָל וואויל־יונגעריש געבאָמבעלט אויף איין זייט פון זיין שטערען, אין אפילו מיט זיין קול, וואָס האָט געלאַסטשעט, אַזוי ווי א קעצעלע מיט א סאַמעט־גלאַטען רוקען, און איז צייטענווייז אריינגעפאַלען אין א ווייכער, פּיעשטשענדיגער, לירישער הייזעריגליכקייט.

און די דאָזיגע קאָקעטסטוואָ, וואָס ביי אַן אַנדערען וואָלט זי געווען אָפּשטויסענד, האָט דוקא צו איהם געקליידט. זי האָט איהם צוגעגעבען א באַזונדערען חן, האָט איהם, אַזוי צו זאָגען, באַשפּרינקעלט מיט א ר ט י ס ט י ש ק י י ט...

ער האָט עס אַפּנים געוואוסט, ווייל גאָר אָפט אויף דער ביהנע האָט ער קאָקעטיש א פּיהר געטאָן א האַנט איבער זיין טשופּרינע, אָפּגעווארפען די טשופּרינע אויף איין זייט, צי אויף דער אַנדערער, פון זיין שטערען, א חנ'דעל געטאָן מיט די אויגען און געלאָזט הערען אין זיין קול די פּיעשטשענדיגע, לירישע הייזע־ריגליכקייט.

עס איז אַנגענעם געווען צו זעהן און צו הערען איהם. נאָך

אדלער׳ן איז ער אפשר געווען די סימפּאַטישסטע ערשיינונג אויף דער ביהנע.

חוץ דעם, איז ער געווען דער אינטעליגענטסטער צווישען די אידישע אַקטיאָרען. האָט גערעדט רוסיש אויפ׳ן אדעסער שטייגער; איז אַ ביסעל געווען באַהאַוועגט אין דער רוסישער ליטעראַטור; האָט פאַרגעלייענט מיט אַ זעלטענער דיקציע אויף פאַרזאַמלונגען און קאָנצערטען סקיצען פון די בעסערע אידישע שרייבער, און אַמאָל אויך די באַריהמטע „זאַפּיסקי סומאַשעדשאַוואָ״ אין רוסיש.

האָט ער דערפאַר געפונען זיינע אָנהענגער צווישען דער היגער אידישער אינטעליגענץ און צווישען דער מעהר באַוואוסטזיניגער היגער אידישער ארבייטערשאַפט און — מאָג איך אויסזאָגען אַ סוד? — צווישען דער היגער אינטעליגענטער ווייבערשאַפט אויך...

ער איז געווען אַן אַקטיאָר מיט מעהר טאַקט און מיט מעהר מאָס איידער וועלכער ניט איז אַנדערער אויף דער אידישער ביהנע. אפשר דערפאַר, ווייל איהם האָבען געפעלט יענע פייער־פלאַקערענדיגע פליגלען פון אַ קעסלער׳ן, צי פון אַן אדלער׳ן, וואָס האָבען זיי אַמאָל פאַרטראָגען צו ווייט...

וואָרים אין זיין שפּילען האָט זיך שטענדיג מעהר געפיהלט דער קלוגער מוח, איידער אוממיטעלבאַרער געפיהל, מעהר דער פּאַרטייטשער פון דעם טעקסט, איידער דער איבערלעבער, מעהר דער אָפּשיין פון דעם פלאַקערענדיגען פייער, איידער דאָס פלאַקערענדיג פייער אַליין...

דערפאַר איז ער אַלע מאָל געפעלען געוואָרען, האָט אַלע מאָל געמאַכט אַן אנגענעמען איינדרוק; ער האָט אָבער קיינמאָל אַזוי ניט אָנגעצונדען, אַזוי ניט הינגעריסען און אַזוי דעם געמיט ניט צוטרייסעלט, ווי אַמאָל אונזערע אַנדערע גרויסע ארטיסטען.

איך זאָג „אונזערע אַנדערע גרויסע״, ווייל זיכער איז מאָגשקאָוויטש אויף זיין אופן געווען פון די סאַמע באַדייטענדסטע טאַלאַנטען, וואס אונזער ביהנע האָט אַמאָל פאַרמאָגט.

אין פאַרגלייך צו אונזערע אַנדערע גרויסע, איז ער געווען ווי א גוטער בראָדווייער אַקטיאָר צו אַ רוסישען, אָדער צו אַן איטאַ־ליענישען.

און עס איז גאָר ניט קיין צופאַל, מיין איך, וואס ער האָט ערפאָלג אויף דער ענגלישער ביהנע. ער איז ווי געבאָרען פאַר איהר. אַן אימפּאַזאַנטע געשטאַלט, קאָפּ, אויסגערעכענטקייט, מאָס, טאַקט, קיין נאַקעטע געפיהלען, וואָס זאָלען ברויזען מיט פייער און וועלכע זאָלען צערודערען דעם געמיט פון דעם ענגלישען עולם אינ׳ם טעאַטער. קעסלער, ווען ער האָט אמאָל געפּרואווט ארויס־טרעטען אויף דער ענגלישער ביהנע, איז דורכגעפאלען. די גרויסע איטאַליענישע שוישפילערין מ י מ א א ג ו ל י א איז דורכ־געפאלען. ש אַ ל י א פּ י ן איז דאַ פאר עטליכע יאָהרען כמעט דורכגעפאלען אינ׳ם מעטראָפּאָליטאַן אפערא הויז, אלץ מחמת איין סיבה: צופיל טעמפּעראמענט, צופיל פייער, צו נ אַ ק ע ט ארויסגעוויזען די ברענענדיגע געפיהלען...

דער עולם פון דעם ענגלישען טעאַטער איז צו דעם ניט געוועהנט, און וויל זיך ניט געוועהנען צו דעם.

מען קאָן זאָגען, אז מאַשקאָוויטש אויף דער אידישער ביהנע איז שטענדיג געווען א בראָדווייער אקטיאָר צווישען אידישע.

דערמיט האָט ער זיך אונטערשיידט צווישען די אנדערע אידי־שע אַקטיאָרען, און אין דעם האָט זיך זיין ארטיסטישע אינדיווי־דואליטעט אויסגעדריקט.

טראָץ זיין אינטעליגענץ און ארטיסטישען אויסזעהן און טראָץ זיין קאָקעטיש חנ׳דלען זיך מיט דער שווארצער טשופרינע, אויגען און שמייכעל און דער לירישער הייזעריגליכקייט אין זיין קול, האָט ער זעלטען געשפּילט דעם ליבהאָבער אויף דער ביהנע. און האָט ער אמאָל איהם געפּרואווט שפּילען, איז ער זעלטען איבערצייגענד געווען; זעלטען האָט מען געגלויבט אין דער אויפ־ריכטיגקייט פון זיין געפיהל.

ווייל קיין פייער האָט זיך ניט געשפירט אין זיין טאָן. ווייל ס׳רוב, ווען ער האָט זיך דעמאָלט באַנוצט מיט זיין גאַנצען ארסע־

נאָך פון דער לירישער הייזעריגליכקייט, איז ער געווען ווייבעריש־וויינענדיג, און אָפט האָט ער דאָן געמאַכט אַן איינדרוק פון איינעם, וואָס לייענט פאַר אין שפּאַס אַ ליבעס־סצענע...

דערפאַר אָבער האָט ער זיך אויסגעצייכענט אין ראָלען, וואו קיין באַזונדערער טעמפּעראַמענט האָט זיך ניט געפאָדערט, אין געלאַסענע ראָלען, איבערהויפּט אין כאַראַקטער־ראָלען.

דאָרט איז ער געווען דער איינגענאַרטיגער פּאַרטייטשער, דער קלוגער אַרטיסט, וואָס האָט געלאַסען און מיט מאָס און טאַקט געשאַפען פאַר אייך פיגורען, ווי אַן אמת'ער מייסטער.

זיין אלקנה אין דער „שחיטה", זיין אלעק אין דער „שבועה", זיין פישער אין „סאַפאָ", צי זיין אוריאל מזיק אין „גאָט, מענש און טייפעל", זיין שעפּסעל אין מיין דראַמע „שונאים", אָדער אפילו זיין שלמון אין „מירעלע אפרת", — אָט די דאָזיגע אַלע פיגורען און נאָך אַנדערע פון דעם מין, וואָס ער האָט געשאַפען — זיינען געווען אמת'ע מייסטערווערק.

צוליב זיי און צוליב זיין לאַנג־יאָהריגער אַרבייט פאַר דער בעסערער אידישער פּיעסע האָט ער פאַרדינט איינעם פון די בכבוד'סטע פּלעצער צווישען די גרעסטע אויף אונזער ביהנע.

# סאמועל טאָרענבערג.

אַן עהרליכער טאַלאַנט. — דער טאַלאַנט פון דעם קלוגען און פרעהליכען קבצן. — אַן אַקטיאָר, וואָס האָט קיינמאָל ניט פאַרשוועכט זיין טאַלאַנט.

רעדט מען וועגען מאָשקאָוויטש'ען, דערמאָנט מען זיך אָן דעם פאַר־דער־צייט פארשטאָרבענעם ס אָ מ ו ע ל  ט אָ ר ע נ־ב ע ר ג.

איינער נאָכ'ן אנדערען האָבען זיי זיך באוויזען אויף דער אידישער ביהנע. טאָרענבערג, אויב איך האָב ניט קיין טעות, אין גאָר א קורצע צייט נאָך מאָשקאָוויטש'ן, און האָבען גלייך געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון דעם בעסערען עולם.

גאַנץ פארשיידענע מענשען און טאלאנטען, האָט זיי אבער פאראייניגט איין גרויסע ליבע צו דער בעסערער ביהנע. און א צייט לאַנג האָבען זיי געשפילט אין דערזעלביגער קאָמפּאניע די בעסערע אידישע פּיעסען.

ער איז א קאָמיקער געווען און זיין קאָמיזם איז אַלע מאָל געווען א ריינער, אַן עהרליכער, אַן אויפריכטיגער.

ער איז בשום אופן ניט געווען קיין מאָגולעסקאָ. עס האָט איהם געפעהלט יענעם'ס פילזייטיגקייט און יענעם'ס רייכקייט אין פארבען און קאָלירען. ער האָט אויך ניט געהאט די שטיפערישע פלינקייט און דעם קוועק־זילבער, וואס אנדערע פון אונזערע קאָ־מיקער האָבען פארמאָגט אין זייערע באוועגונגען. איינזייטיגער און פארבען־אָרימער פון מאָגולעסקאָ און נישט אזוי גראציעז און שטיפעריש ווי די אנדערע, האָט ער אבער געהאט איין מעלה, וועלכע האָט איהם אויסגעצייכענט פון צווישען אלע אונזערע קאָ־

מיקער: ער האָט קיינמאָל ניט פארשוועכט זיין טאַלאנט, ווי ווייט איך געדענק, מיט ב ו ף ־ ק אָ מ י ז ם...

אן עהרליכער געלעכטער איז זיינער געווען, קיינמאָל ניט קיין פאבריצירטער פאר דעם גראָבען לאך־אפאראט פון דעם גרויסען עולם.

עס איז דאָ א קאָמיזם א פיזישער, א בויך־און־פיס־קאָמיזם... א קאָמיזם, וואס טרייסעלט מיט'ן בויך אויף אן עקעלדיגען אופן, באוועגט די פיס אויף א מיאוס'ען שטייגער, קיצעלט דעם לאך־אפאראט פון דעם געעהרטען פובליקום מיט א צוגעקלעפּטער „פּאָני־נאָז", שטעלט צו איהם ארויס אַ צונג, ווינקט צו איהם מיט אַן אויג, רעדט צו איהם פון דער ביהנע אַרונטער וויצען, וואָס פאַלען, ווי שטיקער שמוץ, און דרעהט זיך צו איהם גאָר איבער מיט'ן רוקען, כדי צו ווייזען איהם די לאַטע, וואס באַצירט איהם, דעם קאָמיקער, א געוויסען פּלאַץ...

דער קאָמיקער פון דעם דאָזיגען מין קאָמיזם איז מיט'ן אמת'ן קאָמיזם קיין מחותן ניט; דאָס איז בויך־און־פיס־קאָמיזם, טינגעל־טאַנגעל־בוף־קאָמיזם, וואס האָט ווייניג שייכות מיט דעם עהרליכען נשמה־קאָמיזם.

דער גראָבער געשמאַק פון'ם פובליקום וועט, אמת, זיך צוהירזשען מיט געלעכטער, ווען אַזאַ מין „קאָמיקער" וועט איהם אַ טורקע טאָן אונטער די פּאַכוועס מיט זיין „פּאָני־נאָז", אָדער ווען ער וועט איהם ווייזען אַ לאַטע אויף א געוויסען אָרט; אָבער דעם פיינערען געשמאַק וועט פון דעם שטענדיג אַפּעקלען.

צו דעם מין „קאָמיזם" האָבען זיך אַלע אונזערע קאָמיקער אַרונטערגעלאָזט, איינער ווייניגער און זעלטענער, דער אַנדערער מעהר און אָפטער, און דער דריטער אינגאַנצען און כמעט שטענדיג, אָבער טאָרענבערג — קיינמאָל ניט.

זיין קאָמיזם איז געווען א גאַנץ אייגענאַרטיגער — א רוהי־גער און, איך וואָלט געזאָגט, א פילאָזאָפיש, הגם א קבצניש, פרעהליכער.

ער האָט ניט געלאַכט אויפ׳ן קול, אזוי ווי ער וואָלט ביי זיך געטראַכט, אז ארויסשפּרינגען פון די כּלים איז ניטאָ פון וואס; ער האָט אבער שטענדיג געשמייכעלט קלוג און שטיל און מיט א מינע, וועלכע האָט גערעדט, האָט זיך געדאַכט:

„נו יאָ, איך בין א קבצן, איך ווייס עס. איך ווייס אבער אויך, אז איך וועל פּונקט אזוי ליגען אין דר׳ערד, ווי דער גרעס־טער מיליאָנער. לאָך איך דערפאַר פון אלעמענ׳ס היטעלע און נעם זיך ניט צום הארצען, הלמאי איך בין א קבצן! ...״

עטוואס עהנליכעס איז איהם אויסגעקומען צו זאָגען, ווען ער האָט געשפּילט דעם פּעדלער פּעטער־מאָרזשע׳ן אין מיין „פּאַרלאָרענעם גן־עדן״, און ווי גוט ער האָט עס געזאָגט, ווי פּשוט און איינפאַך דאָס איז ביי איהם ארויסגעקומען!

פאַר אזעלכע ראָלען איז ער ווי געבאָרען געווען — פאַר דעם קלוגען און פרעהליכען קבצן, וואס האָט זיין פרעהליכקייט אויסגעדריקט ניט דורכ׳ן הויכען געלעכטער און ניט דורכ׳ן פייער־ריגען טאַנצען, נאָר דורכ׳ן שטילען, קלוגען שמייכעל און דורכ׳ן קלוגען ווארט.

פּונקט ווי זיין גאַנצער אויסזעהן האָט געמאַכט דעם איינ־דרוק פון געלאסענקייט און קלוגשאַפט, און פּונקט ווי זיין פיגור און זיינע פיס זיינען ניט געווען פאַר טאַנצען, אזוי איז אויך געווען זיין טאַלאַנט.

זיין לייזער בדחן, פון „גאָט, מענש און טייפעל״ קאָן איך ניט פאַרגעסען. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט די דאָזיגע ראָל פון דעם פרעהליכען אלטינקען, דעם פילאָזאָפירענדען קבצן, געשפּילט, און וואָס פאַר א לעבעדיגען לייזער ער האָט ארויסגעבראַכט!

נאָך איהם האָב איך געזעהן דעם גרויסען מאָגולעסקאָ׳ן אין דער דאָזיגער ראָל. לייזער—מאָגולעסקאָ האָט מעהר באַ׳חנ׳טער אלטינקער אויסגעזעהן, מעהר אלטער בדחן אויסגעזעהן, אבער דער

פרעהליכער קבצן, דער אַלטינקער מיט'ן קלוגען שמייכעל און מיט'ן קלוגען ווערטעל, איז לייזער—טאָרענבערג מעהר געווען.

אויך געדענק איך איהם אין דעם פארשטאָרבענעם הערמאַ־לינ'ס א באַארבייטונג פון סטרינדבערג'ס „פאָטער".

ער האָט געשפּילט דאָרט א דינער, וואס האָט פארפיהרט א מיידעל. זי האָט פון יענעם געבאָרען א קינד און ער לייקענט עס.

ווי קינסטלעריש ער האָט יענע ראל געשפּילט. זייט יענער צייט איז שוין א יאָהר פינף און צוואַנציג אוועק, און ער שטעהט נאָך פאר מיר אין יענער ראָל, ווי א לעבעדיגער, און איך זעה נאָך יענעם דינער, וואס זיינע תמ'עוואַטע מינעס און ענטפערס שפּריצען מיט קלוגשאַפט און כיטרעקייט.

איך דערמאָן זיך אן אינטערעסאַנטען כאַקט: ווען גאָרדין האָט אויפגעפיהרט זיין „שבועה" מיט מאַדאַם ליפּצין, האָט טאָרענבערג געדאַרפט אין דער דאָזיגער פּיעסע שפּילען עפּעס א דינער. איז איינגעפאלען גארדינ'ען, אז טאָרענבערג זאָל אין זיין ראָל לאַכען אויפ'ן קול מיט א געלעכטער, וואס זאָל זיך אָנהויבען מיט א קוויטש און זיך אויסלאָזען מיט א באַס.

טענה'עט טאָרענבערג:

„מיסטער גאָרדין, איך קאָן עס טאָן; אָבער איך פיהל דאָס ניט, עס וועט ארויסקומען אומנאַטירליך".

זאָגט גאָרדין:

„שפּילט ווי איך הייס אייך".

און ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג, ווען טאָרענבערג האָט „דעליווערט" דעם דאָזיגען געלעכטער, האָבען זיך אַלע געוואונ־דערט, וואס איז דער מעהר מיט טאָרענבערג'ן; מען האָט איהם פּשוט ניט געקענט אויסשטעהן, מחמת זיין מאַשינאָוועץ געלעכ־טער. דער סוף איז געווען, אז אין דעם דריטען אקט, ווען ער האָט גענומען ארויסזעצען זיין געלעכטער, האָט דער עולם פון אַלע זייטען גענומען „שיקען": ש־ש־ש! און טאָרענבערג האָט אין מיטען דארינען געמוזט אויפהערען צו לאַכען און זיך צעוויינט טאַקע מיט אמת'ע טרערען.

אויף מאָרגען האָט ער שוין ניט געלאַכט מיט'ן דאָזיגען מאשינאָוועץ געלעכטער; ער האָט נאָר שטיל געשמייכעלט מיט זיין קלוגען שמייכעל, אזוי ווי ער האָט אליין געפיהלט, און געהאַט ערגיץ.

פאבריצירען געלעכטער, געבען דאָס, וואָס ער האָט אין זיך ניט געפיהלט — דאָס האָט ער ניט געקאָנט, דער עהרליכער און אויפריכטיגער טאַלאַנט.

ער איז שפּעטער געווארען אן ענגלישער אַקטיאָר, האָט ארום א יאָהר צייט געשפּילט אויף דער היגער אמעריקאנישער ביהנע, האָט זיך אָבער דערנאָך געמוזט ווידער צוריקקעהרען צו דער אידישער.

אויך דערפאר, וואס ער האָט ניט געקאָנט געבען דאָס, וואָס ער האָט אין זיך ניט געהאט, וואס ער האָט אין זיך ניט געפיהלט...

---

מיט טאָרנבערג'ן פארענדיג איך די כאראקטעריסטיק פון א באדייטענדער גרופּע שוישפּילער און שוישפּילערינס, וואס האָבען לויט זייער טאַלאַנט, אָדער לויט זייער איבערגעבענקייט צו דער אידישער ביהנע, געשפּילט די הויפּטראָל אין דער ענטוויקלונג פון דעם בעסערען אידישען טעאטער אין אמעריקא אין זיין פּיאָנער־פּעריאָד.

עס זיינען נאָך געווען אנדערע קינסטלער, וואָס זיי האָבען נישט ווייניג בייגעטראָגען צו דער ענטוויקלונג פון דעם אידישען טעאטער אין אמעריקא און צו זיי, האָף איך, וועל איך זיך נאָך אַמאָל אומקעהרען ביי א געלעגענהייט.

אין די דאָזיגע עראינערונגען בין איך, דער עיקר, נאָר אויסען געווען צו געבען בילדער פון די הויפּט־קינסטלער און שעפער פון דעם אַמאָלגען היגען אידישען טעאַטער אין זיין שעהנסטער צייט, מיט וועלכע איך בין געקומען אין נאָהענטער באריהרונג. און

דערפאַר האָב איך זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף מאָרים שוואַרץ'ן, ווייל, הגם טיילווייז געהערט ער אויך צו יענער צייט פון קעסלער און מאָשקאָוויטש'ן, מיט וועלכע ער האָט יאָהרען לאַנג מיטגע־שפּילט אין מיינע און אין די אַנדערע בעסערע פּיעסען, איז אָבער אויף זיין גורל אויסגעפאַלען צו שאַפען אַ נייעם קאַפּיטעל אין דער ווייטערדיגער געשיכטע פונ'ם אידישען טעאַטער, וואָס וועט פאַר־בלייבען אונטער'ן נאָמען „מאָרים שוואַרץ'ס פעריאָד". און דער דאָזיגער פעריאָד האַלט זיך נאָך אין געשטאַלטען און געהערט אין גאַנצען צו דער געגענוואַרט און צו דער צוקונפט, און מיינע עראַי־נערונגען געהערען דורכאויס צו אַ פעריאָד און אַרטיסטען, וואָס זיי זיינען פאַרגאַנגען און אָפּגעשלאָסען...

איך האָף נאָך אַמאָל צו שרייבען וועגען „מאָרים שוואַרץ'ס פעריאָד" אויך.

ע נ ד.